די

# געבּרידער לוּריא



לעבּענסבּילד אין 4 אַקטען.



וואַרשא 1907

דרוקעריי י. ערעלשטיין, נאַלעווקי 38.



פון

יעקב גאָרדין.



יודישע

טהעאַטער־ביבּליאָטעק

№ 1.

# די

# געברידער לוריא

לעבענסבילד אין 4 אַקטען

פֿון

יעקב גארדין



## Вратья Лурье

Картина изъ 4 актовъ.

**Я. Гордина.**

*Варшава 1907.*

Тип. И. Эдельштейнъ, Налевки 38.

די פּערזאָנען:

| | |
|---|---|
| גְדַלְיָהוּ לוּרְיָא: | |
| פְרוּמֶע אִיטֶע: | זײַן װײַב |
| רִבְקָה: | זײער טאָכטער |
| טוֹבְיָה לוּרְיָא: | זײַן ברודער א מילנער |
| יַאנְקֶעל: | זײַן זוהן |
| ר׳ שְׁרַגָא: | א רב |
| שָׂרָה דְבוֹרָה: | זײַן װײַב |
| אַלְטֶער צִיפֶּעס: | אײַן ראטהמאן |
| רַחְמִיאֵל: | זײַן זוהן |

דָאקְטוֹרִים:

דינענסט, חזן, יודען, ארבײַטער.

# ערשטער אַקט.

(די בִּיהנע שטעלט פֿאָר איין איינפאַכֿעס צימער בײַ'ם רב אין הויז. פֿון בײדע זײַטען שטוהלען, אויף די טישען בראָנפֿען און פֿערבײַסען, אויף דער וואַנד הענגען 3 פושקעס, אַ שאַפֿע מיט ספרים).

**שרה:** דאַנקען גאָט וויעדער דערלעבט אונזער יום טוב, אלע יאָהר פונקט אין דעם טאָג ענדיגט מײַן שלימזל'ניק ש"ס, קיין עין הרע, קיין בײז אויג זאָל איהם ניט שאַטען, מיר איז שווער צו שטונדירען דעם צאינה וראינה, און ער טאַראַבאַנעוועט אויף גאַנץ תורה. אוי, איז ער אַ גרויסער בקי!... אַ שאַרפֿער למדן, ווען ער זאָל ניט זײַן קיין שלימזל'ניק וואָלט ער געקענט זײַן רב אין גרעסטען כרך, נאָר בײַ איהם איז אלסדינג איבריג, אפילו דאָס, וואָס ער האָט שוין יאָ—אומשטײַנס געזאָגט וואָס האָט ער— איז בײַ איהם אלץ איבריג. (אויפטריט שרגא).

**ר' שרגא:** גוט יו"ט דיר רבצ'ן, דער לעב איבער אַ יאָהר!

**שרה:** גט אתם, וואַשים בראַטעם:

**ר' שרגא:** נו קינד, האָבטו אַלעס צוגעגרייט, באלד וועט קומען דער עולם, עס איז דאָך הײַנט אַ סעודת מצוה וואָס איז, זאָלסטו געזונד זײַן, נאָר הערינג מיט קיכלאַך, האָסט ניט געקענט אָב באַקען אַ פּאָר פונט לעבער?

**שרה:** אַז מען האָט 40 גילדען אַ וואָך, קען מען ניט מאַכֿען סעודות מיט לעבער און אַנדערע גוטע זאַכֿען. דו ביסט דאָך אַ למדן דאַרפסט דאָך וויסען אַז די חכמים זאָגען אז דעם קבצן טאָר זיך ניט גלוסטען.

**ר' שרגא:** קינד, זינדיג ניט! דו שפּילסט זיך מיט 40 גילדען אַ וואָך וויפיעל קבצנים האַלטען אונז פאַר די גליקליכֿסטע מענשען אין דער וועלט? אַ קלייניגקײַט 40 גילדען דאָס איז דאָך 600 קאָפּיקעס, דאָס איז דאָך 1200 גראָשען קינד, פאַר דער גרויסער סומע קען מען דאָך קריגען 1200 גרויסע פרישע אײַער בײגעל.

**שרה:** נו וועסטו האָרעווען די ציינער דיינע מיט אייער בייגעל, וועסטו מאַכען הבדלה איבער אייער בייגעל, וועסט וואַרפען אין דיינע צדקה כּושקעס אייער בייגעל. אוי, שלימזל'ניק, שלימזל'ניק! (אב)

**ר' שרגא:** איך דאַנק דיר גאָטעניו, אַלע יאָהר מאַך איך דיך רייך מיט דיין תורה, און וואָס קען איך נאָך טהון פון דיינעט וועגען, איך האָב איבעריגע 40 גראָשען. איז דען ניט גליקליך, ניט רייך דער מענש וואָס האָט איבעריג געלד? נאַ דיר גאָטעניו: 10 גראָשען אויף ביקור חולים, 10 גראָשען אויף תלמוד תורה, 10 גראָשען אויף הכנסת כּלה, חאַ... חאַ... חאַ... ביי מיר געהט עס ניט אַן האַבאַר, ווילסטו אַ דין־תורה האָבען, אַהער עטליכע גראָשען פאַר די קבצנים'לאך. (אויפּטריט שרה דבורה)

**שרה:** וואָס? האָסט שוין ווידער געוואָרפען געלד אין די פּושקעס! גזלן, רוצח!

**ר' שרגא:** שאַ, קינד, עטליכע גראָשען, דאָס איז מיין שמעק־טאַבאַקע געלד.

**שרה:** שלימזל'ניק, וואָס זשע וועסטו שמעקען?

**ר' שרגא:** איך האָב נאָך אַ גאַנצען אוצר מיט שמעק טאַבאַקע, און דער יושר איז איך זאָל שמעקען צו קאַפּעלעך צו ביסעלעך, צו קליינע שניפּקעלאַך, די לעצטע צייט האָב איך אָנגעהויבען צו שמעקען טאַבאַקע ווי דער גרעסטער בעל תאוה, מען דאַרף זיך אָבגעוואָהנען פון אזא תאוה. (אויפטריט יודען)

**יודען:** אַ גוט יו"ט רבי, יישר כּח!

**ר' שרגא:** ברוכים הבאים, מיינע ליעבע יודען.

**יוּד:** רבי, מיר האָבען זיך אַלע צוזויף געלייגט און געקויפט פאַר אייך אַ נייעם ש"ס, דען אייערע גמרות זענען שוין אַלט, און די אותיות שוואַך, פערנוצט עס געזונדערהייט.

**ר' שרגא:** מיר, אַ נייעם ש"ס?! דו הערסט שרה דבורה?! ליעבע פריינד, מיילע אויף אייך קען מען זאָגען „אשרי שבא לכאן ותלמודו בידו", וואויל איז דעם, וואָס איז אַהער געקומען מיט דעם תלמוד אין די הענד... אוי, אוי, וואָס פאַר אַ ווייס פאַפּיער דאָס איז, ווילנער דרוק! יודענע מיינע, דו ווייסט, דאָס איז מיר. נאָר יאָ מחשבות'ן, איך האָב מיך דערמאָנט, נאָך וואָס דאַרף איך אַ נייעם ש"ס, ווען ביי אונז אין בית המדרש איז גאָר קיין ש"ס ניטאָ. מיינע גמרות זענען נאָך גוט, מיינע אויגען זענען

נאָך שטאַרק גענוג, מײַנע ברילען זענען כמעט שטענדיג אויף דער רבצינס נאָז, איך זעה גוט.

**שרה:** ער זעהט גוט?!.. אז ער זוכט זײַן יארמעלקע, שטעקט ער אַרײַן די הענד אין דער ראָשטשינע. נעם די מתנה!

**ר' שרגא:** נײַן, נײַן! עס בלײַבט ווי איך זאָג, צו וואָס דאַרף איך איבעריגע זאַכען. הכלל רבותי זעצט זיך צום טיש (אלע זעצען זיך) איך האָב צוגעגרײַט פאַר אײַך א דרשה, אָבער האָט קײַן פאַראיבעל ניט, איהר ווײַסט דאָך וואָס פאַר א בעל דרשן איך בין. מרנן ורבותי! אין פסוק שטעהט הם... הם... הם... הם... „תורת ד' תמימה" די תורה פון גאָט איז גאַנץ, אין קרושין זאָגט די גמרא „עשרה קבין חכמה ירדו לעולם", 10 מאָס חכמה איז אַראָב אויף דער וועלט „נײַן מאָס חכמה האָבען גענומען די יודען, און אײַן מאָס די גאַנצע וועלט", איז דאָך אין פלוג אַ קשיה...

**שרה:** שרגא, ר' גדליה לוריא געהט.

**אללע:** ר' גדליה לוריא! (אלע שטעהען אויף אונד צולויפען זיך אין די זײַטען. (אויפטריט גדליה).

**גדליה:** א גוט מאָרגען רבי, וואָס איז דאָ הײַנט א קערמישעל? זיטצט, נישקשה.

**ר' שרגא:** א ברוך הבא, ר' גדליה! בײַ מיר איז הײַנט א סיום התורה און אַזאַ גאַסט איז אַ כבוד פאַר מיר און א שמחה פאַר דער תורה הקדושה.

**גדליה:** רבי, איך בין אײַך געקומען מטריח זײַן, דער עם הארץ, דער גראָבער יונג, דער מילנער טוביה...

**ר' שרגא:** איהר מײַנט אײַער ברודער, ר' ישראל טוביה, זאָל געזונד זײַן?

**גדליה:** דער מילנער טוביה, ער בויט א פערד-מיהל אקעגען מײַן פענסטער. איך רעד ניט מיט איהם שוין פון יאָהרען דאַרום וועל איך מיך פערלאָזען אויף אײַך. אדרבה, זענט איהר אַ רב אין שטעדטיל, אַזוי ווײַזט אַלע גראָבע יונגען שיש דין ודין בישראל!

**ר' שרגא:** נאָר אָן כעס, ר' גדליה, נאָר ניט מיט בייזען טהײַערער ר' גדליה. איך שיק איהם ברענגען אַהער, איך בעט אײַך, פערשטערט מיר ניט די שמחה. (צו די יודען) די גמרא שענקט מ י ר, און די מצוה נעמט א י ך. טרינקט און פערבײַסט (שיקט אײַנעם אוועק נאָך טוביה לוריא)

גדליה: בין איך שוין דא, וויל איך מען זאל טרינקען גוטע משקה. עה, דו! קום נאר אהער, ברענג א פאר פלאשען גוטע ווײַן (גיט געלד, אײַנער געהט אב).

ר' שרגא: (נעהמט אראב די פושקעס פון וואנד טראגט זיי צו צום טיש) ר' גדליה, זײַט זשע מוחל האט קיין פאראיבעל נישט, די בעסטע משקה איז צדקה, תלמוד תורה — דאס איז אונגערשער ווײַן, הכנסת כלה — דאס איז טערקישער ווײַן.

גדליה: אפילו די חכמים זאגען: „א תלמיד חכם ווײסט אליין וואס צו טהון", נאר הײַנט זײַט איהר דער בעל דעה, א גאָ־דענעם אימפעריאל פאר אונגערשער ווײַן, א גאָ־דענעם — חא, חא, חא... הכנסת כלה איז בײַ איהם גאר טערקישער ווײַן!

שרה: הלואי וואלט איך בעסער געווען די פושקע פון הכנסת כלה.

ר' שרגא: קוקט אהער, געזונד און שטארק זאלט איהר זײַן, א יו"ט פיר מײַנע קבצנים'לאך, גאט האט א לאנגען זכרון, ער פערגעסט ניט, אז ער האט א וועלט מיט קבצנים'לאך, דלפנימלאך. (הענגט אויף די פושקעס) איך וויל איהר זאלט זיך משמח זײַן. (אלע זעצען זיך צום טיש)

אללע: לחיים, לחיים, (זינגען):

פרײַט אײַך יודעלאך טאנצט און זינגט,
נעהמט צו בימעראך פריעסקעט, שפרינגט.
ווער קען זײַן צו יודען גלײַך,
ווער קען זײַן מיט תורה רײַך?
געוויס איז דאס, מאכט ניט קיין שאלות,
דער יוד איז רײַך מיט זײַנע מעלות.
דאך האט ער א לאנגע תפלה,
דאס איז שטענדיג זײַן פעולה,
ער איז עולה לגדולה,
מען טאכט איהם אפט צו חוכה וטלולה,
דאך האט ער די גאוה,
ער איז אנגעראטען תפלין טלית קטן.

(אויפטריט טוביה מיט א זעקעל מעהל).

טוביה: א גוט מארגען אײַך רבצין, איך האב געוואוסט אז הײַנט

איז בײַ אײַך אַ שמחה, האָב איך אײַך געבראַכט אַ זעקעל מעהל אויף רעטשעניקעס.

**שרה:** לאַנג לעבען זאָלט איהר. מײַן שלימזלניק האָט טאַקע ליעב פרישע רעטשעניקלאַך ער שלינגט זיי ווי אַ גוט בלאַט גמרא.

**ר' שרגא:** וואָס רעדסטו קינד איך קען דען פערטראָגען אַזאַ גראָב מאכל?! שיק דאָס מעהל בעסער אָב צו ציפּקען די בייגעל בעקער'ן, די בייגעל בעקער'ן זי וועט מאַכען דערפון אַ תכלית, אָבער פאַר אונז איז דאָס אַנ'איבעריגע זאַך.

**שרה:** איך וואָלט געוואָלט וויסען וואָס איז בײַ דיר ניט איבעריג? אוי! גליקליך זענען די ווײַבער וואָס בײַ זייערע מאַנער איז קיין זאַך נישט איבעריג (אָב מיט'ן זעקעל מעהל).

**ר' שרגא:** זיצט ר' טוביה!

**טוביה:** רבי, וואָס האָט איהר מיר געשיקט רופען?... אהא! אונזער גרויסער מיוחס איז דאָ, איך זיטץ ניט מיט גדליה לוריא אונטער איין דאַך.

**גדליה:** און אונז איז פערבאָטען צו זיטצען מיט אַנ'עם־הארץ, אַ גראָבען יונג.

**ר' שרגא:** ר' טוביה זאָלט איהר געזונד זײַן, איהר זענט דאָך אַנ'ערהרליכער יוד, די חכמים זאָגען: „אַ מענש דאַרף שטענדיג אָנהייבען מיט גוטען".

**טוביה:** נו און ער, דער למדן, דער „וְצִדְקָתְךָ" האָט אָנגעהויבען מיט גוטען? דאַכט זיך עס איז ניטאָ איין דין אין דָן ווי ער פיהרט ניט מיט מיר קיינע פּראָצעסען, אמת איך שוויינג אויף ניט אָבער איך מאָהן דאָך מײַן ירושה. די לעצטע פּאָר פּלודערען וועל איך פערקויפען אָדער פאַרזעצען, און מײַן חלק ירושה מוז איך אָבנעהמען, איך בין אַ לוריא, און אַ לוריא קעהרט זיך ניט אום אין מיטען וועג!

**גדליה:** אַזאַ יאָהר אויף מיינע שונאים, וואָס פאַר אַ לוריא דו ביסט מיט דיין פּויערשע קאָפּף.

**טוביה:** איך בין אַ לוריא! איך וועל דיר ווייזען אַז דער זיידע אריה ליב לוריא, האָט דיר אוועק געגעבען די גאַנצע ירושה נאָר דערפאַר, ווײַל ער האָט געהאַט אַזאַ קרומען קאָפּ ווי דו.

**גדליה:** אויף דעם זיידען דעם למדן וואַגסטו אַזוי צו זאָגען, טוביה

פערגעס ניט אז דו רעדסט מיט גדליה'ן, וועלכער ושאלעוועט ניט צו געבען פעטש אזעלכע גראבע יונגען ווי דו ביזט.

**טוביה:** גדליה, א ווארט קען איך דיר פערשוויינען ווייל דו ביזט א למדן, דער ראש הקהל פון שטעדטיל, אבער פעטש?! געדענק אז פון טוביה'ס איין פאטש קען זיך דער גרעסטער למדן צושיטען ווי אנ'אלטער מהזור.

**ר' שרגא:** רבותי, איך בעט אייך קריגט זיך ניט, מיט גוטען.

**טוביה:** איך זאל זיך אבזאגען פון דער ירושה ווייל אונזער מומע זאל מיר מוחל זיין, האט געטהון א נארישקייט און איז געשטארבען פאר דעם זיידען, און דער זיידע האט געטיינט אז ירושה קומט נאר רעם, וואס קען רש"י און מהרש"א אבער בלא!

**גדליה:** רבי, צו זענט איהר א רב אין שטעדטיל צו במחילה א נארישער קהל'שער באק! ניט וועגען ירושה בין איך געקומען רעדען מיט טוביה דעם מילנער, איך וויל אז איהר זאלט וויזען א גראבען יונג אנ'עם הארץ אז ער דארף שוויינען און טהון ווי מען הייסט איהם.

**ר' שרגא:** זאלט איהר מיר געזונד זיין, איך מוז דאך אבער ביידע צדדים אויסהערען, אדרבא פערקעהרט... מהיכא תיתי האט קיין פאראיבעל ניט.

**טוביה:** וואס הייסט שוויינען, ווערסט מיר לעגען א לאטע אויפ'ן מויל?

**גדליה:** מנוול, חמור שבחמורים, צו אידע שווארץ יאהר זאלסטו געהן!

**ר' שרגא:** איהר שמיערט מיך טאקע אויס, געזונד און שטארק זאלט איהר מיר זיין.

**טוביה:** איך שוויינ אויך ניט. דו האסט גערונגען א נייען אדוואקאט, — איך אויך, דו האסט דערלאנגט א נייע פראשעניע, — איך אויך. דו ווילסט ווערען א מחותן מיט אלטער ציפעס דעם ראטמאן כדי ער זאל מיר שטערען אין ראטהויז, איך שלאף אויך ניט! זעהסטו איך ווייס אלע דיינע פלענער וואס דו רעדסט און וואס דו טהוסט, קיינער ווייס ניט אז דו ווילסט דיין בת יחידה אוועק געבען פאר רחמיאל דעם סליניעוואטען, און איך ווייס!

**גדליה:** דו ווייסט? האסט ביי מיר אין שטוב געדונגען שפיאנען,

האָסט איבער געקויפּט מײנע משרתים און דינענסטען זײ זאָלען דיר דער צעהלען וואָס בײַ מיר אין שטוב טהוט זיך?!

**טוביה:** זאָל איך קרענקען אויב עס קאָסט מיך א צובראָכענעם גראָשען, דײַן רבקה׳לע — דערצעהלט עס מײַן יאַנקעלען.

**גדליה:** וואָס? ! מײַן טאָכטער האָט דערצעהלט מײַן ערגסטען שונא וואָס עס טהוט זיך בײַ מיר אין שטוב! רבי, איך וויל מײַן טאָכטער זאָל שוין דאָ זײַן איך וויל אז זי זאָל ווײַזען אז זי ווייסט, אז א בת תלמיד חכם טאָר ניט שטעהן אונטער איין דאַך מיט אַ׳עם הארץ א גראָבען יונג.

**טוביה:** גדליה!.. שלעפּ מיר ניט בײַ דער צונג!

**גדליה:** רבי, איך וויל מײַן טאָכטער זאָל שוין דאָ זײַן!

**טוביה:** רבי, איך וויל אז מײַן יאַנקעלע זאָל שוין דאָ זײַן!

(גדליה צוברעכט א טעלער).

**ר׳ שרגא:** באַלד, אָבער, זאָלט איהר געזונד זײַן, צו וואָס דאַרפט איהר מישען אײַערע קינדער אין אײַערע מחלוקת, ר׳ גדליה איך בעט אײַך...

**גדליה:** איך פרעג בײַ אײַך קײן עצות ניט, טהוט וואָס מען הייסט אײַך (א רויש צווישען די חסידים) וואָס דאַרפען די שכורים? ! וואָס דולען זײ די קאָפּף, זאָלען זײ געהן אהײם.

**ר׳ שרגא:** אָבער האָט קײן פאַראיבעל ניט, זאָלט איהר געזונד זײַן...

**גדליה:** אַהײם געהט! (אלע אָב)

**ר׳ שרגא:** נעמט ניט פאַר אומגוט, מסתמא דאַרף אזוי צו זײַן.

**גדליה:** ווען האָט איהר געשיקט אהינקעדיגען צו אַ בלינדען? !

**ר׳ שרגא:** חלילה, וואָס רעדט איהר? ! געזונד און שטאַרק זאָלט איהר זײַן. (אויפּטריט פרומע איטע)

**שרה:** סקאָציל קומט, אײַער פלונית׳טע!

**גדליה:** וואָס טהוסט דו דאָ? איך האָב געשיקט נאָך רבקה׳ן!

**פרומע:** זי איז דאָ. איך בין געקומען זעהן וואָס דאַרפסטו רבקה׳לען פלוצים, איך האָב מיך דערשראָקען.

**גדליה:** האָסט זיך דערשראָקען געה אהײם לײען קריאת־שמע, אז איך וועל דיך דאַרפען, וועל איך שיקען נאָך דיר דעם בראָדער שמש, זאָל רבקה אַרײַן קומען!

**פרומע:** גדליה!..

**גדליה:** אַהײם!... (זי אָב, אויפּטריט רבקה)

רבקה: גוט מארגען טאטעניו, האסט מיך גערופען? — רבי, די מאמע ענטשולדיגט זיך זי האט פערגעסען און איירע צדקה־פושקעס. וואס מאכט איהר רבי'ניו? וואס מאכט איהר, רבצין?

ר' שרגא: געזונד זאלסטו זיין ערעל קינד, גאט זאל דיר געבען גליק און מזל.

רבקה: און איהר מיינט אז איך האב פערגעסען אז ביי אייך איז היינט א יו"ט, איך האב אייך אויסגעשטריקט א שעהן מיצעל איהר זעהט?

ר' שרגא: אה דו עכברוש! ווילסט מיך מאכען פאר א פראנט; חא, חא, חא. (אויפטריט יאנקעל)

גדליה: רבקה קום אהער צו דיין טאטען, איהר זעהט דאס איז גדליה לוריא'ס טאכטער.

טוביה: און דאס איז טוביה לוריא'ס זאהן.

יאנקעל: טאטע וואס דארפסטו מיך רעקאמאנדירען מען קען מיך דא. טאטע האסט עפעס קליין געלד דו ווייסט דאך דער רבי ווערט בייז ווען מען גיעט איהם ניט זיין חאבאר.

ר' שרגא: אה דו עכברוש, גוטענקער שטיפער מיינער! ווען ער איז נאך געוועזען מיין תלמיד פלעגט מיר ר' טוביה זאגען, טשאכטשעט איהם אריין אביסעל, אבער נאך וואס דארף מען שלאגען? איז ער ניט אזא גרויסער למדן א דאגה דער באבען, אבי זיין נאטור איז אנ'ערעלע און זיין הארץ זאל זיין ריין און גוט, אה, דו ווייסער חברה'ניק גנב, געזונד און שטארק זאלסטו זיין.

גדליה: הער אויס רבקה'לע וואס איך וועל דיך פרעגען, נאר זאלסט מיר זאגען דעם אמת.

רבקה: איך שטאם פון לוריא'ס משפחה, און די לוריא'ס האבען פיינד צו זאגען ליגען, און זיין פאלש.

גדליה: הער זשע וואס טוביה מילנער האט אויף דיר אויסגעטראכט?

רבקה: איך גלייב נישט אז דער פעטער טוביה זאל אויסטראכטען עטוואס בעזעס, ער איז אויך א לוריא.

גדליה: איך האב דיר 100 מאהל געזאגט אז ער איז דיר נישט קיין פעטער און איז נישט קיין לוריא.

טוביה: איך בין נישט קיין לוריא, וועה איז מיר אפשר ווארפען א חשד אויף אונזערע הייליגע כשר'ה מאמע עליה השלום.

גדליה: איך גלויב נישט אַז דו בּיסט אַ לוריא!

ר' שרגא: גאָט איז מיט אייך, זאָלט איהר געזונד זיין.

גדליה: ער זאָגט אַז איך... חא, חא, חאַ, חא, איך זאָל דיר גלויבען אַז מיין געבּילדעטע טאָכטער גדליה לוריא'ס בת יחיד'קה וועט פיהרען קענטשאַפט מיט אַזא גראָבען יונג מיט דעם חמולה. זאָג מיר נאָר קינד מיינס האָסטו אַ מאָהל געזעהען דעם תנא כּרא?

רבקה: יאָ טאַטעניו איך האָב אויגען, און איהם ניט זעהן האָב איך ניט געקענט.

גדליה: ניין, ניין! זאָל די גאַנצע וועלט וויסען, זאָג האָסטו גערעדט מיט איהם?

רבקה: יאָ! איך פערשטעה ניט, ווי האָסטו געקענט אַנדערש דענקען האָב איך דען געראַפּט זיך פאַר מאַסקירען און בּייז מאַכען ווען איך האָב צו דעם מענשען גאָר ניט געהאַט, זאָל איך פיינד האָבען דעם, וואָס האָט מיר קיין שלעכטס געטהון? זאָל איך ניט רעדען מיט דעם וועלכער איז מיר אנגענעהם?!

גדליה: דו האָסט פערגעסען אַז זיי זענען מיינע ערגסטע שונאים.

יאנקעל: זיי זענען געבּלענדעט פון זייער שנאה, מיינען זיי אַז אַלע זענען בּלינד, זיי זענען אַלט מיינען זיי אַז קיין יונגערס איז שוין גאָר נאָר אויף דער וועלט ניטאָ.

גדליה: שטיל חמולאַ! קריגסט פעטש.

טוביה: מיין קינד פעטש! גדליה רייניגע הענד זענען צו קורץ!..

יאנקעל: איך וועל אייך ניט פוגע בּכבוד זיין, גיט מיר פעטש אויב דאָס מאַכט אייך פערגניגען נאָר פלאָגט ניט אייער טאָכטער.

רבקה: איך דאַרף קיינע אַדוואָקאַטען, גדליה לוריא'ס טאָכטער בעט ניעמאַלס און בּיי ניעמאַנדען.

גדליה: יאָ זי דאַרף קיינעם ניט, זי ווייסט אַליין ווי אַזוי צופיהרען קענטשאַפט מיט גראָבע יונגען, מיט טוביה מילנער'ס חמולא זי ווייס אַליין ווי אַזוי איבּער צו געבען איהר טאַטען צו זיינע שונאים אין די הענד. טוביה! זי האָט די דערצעהלט דעם אמת איך האָב געמאַכט יד אחת מיט אַלטער ציפּעס דער ראָטמאַן.

יאנקעל: אוי ר' גדליה לוריא! מיר דאַכט איהר האָט שוין צופיעל געפּרעדיגט.

גדליה: ניט אומזיסט האסטו דערצעהלט טוביה מיהלנערס חמולא אז איך וועל א שידוך טהון מיט אלטער ציפעס עס איז קיין סוד מעהר רחמיאל אלטער ציפעס וועט זיין דיין חתן.

פרומע: גדליה נאך וואס זאלסטו מבזה מאכען דאס קינד.

ר' שרגא: ר' גדליה, געזונד זאלט איהר זיין און פאלגט מיך.

גדליה: געהט, איך פרעג ביי אייך ניט קיין עצות! איך וויל מאכען אנ'ענדע פון דער אנגענעהמער אונטערהאלטונג (צו רבקה'ן) זאג וואס שווייגסטו?!

רבקה: איך שווייג ווייל איך האב ניט וואס צו ריידען, איך שווייג ווייל איך האב ניט וואס צו זאגען.

גדליה: יא, דו וועסט ביי מיר שווייגען, איך וועל דיר לערנען שווייגען.

רבקה: מיך דארף מען ניט לערנען, איך קען שווייגען ווען מען הייסט מיר, איך וועל אויך קענען ריידען ווען מען וועט מיך צווינגען דערצו.

גדליה: אהיים, אהיים געה! דארטען וועל איך מיך מיט דיר אב־רעכענען. און דו חמולא פויערשע קאפף איך וועל זיך נעהמען צו דיר, איך וועל דיר ווייזען ווי מען דארף א תלמיד חכם פאלגען, די חכמים זאגען אז מען דארף אנ'עם הארץ צורייסען ווי איין הערינג, און די מצוה וועל איך מקיים זיין.

טוביה: און איך וועל מקיים זיין די מצוה פון כפרות שלאגען.

גדליה: א מיהל וועסטו בויען? איין אסטראג וועל איך פאר דיר אויס בויען!

טוביה: יא, א מיהל! מיינע פערד וועלען דיר טופען און היזשען אין די אויערען, די רעדער וועלען דיר רוישען אין קאפף, גנב! אהער גיב מיין ירושה, רוצח! אהער גיב מיין ירושה!

גדליה: וואס מיר וואגסטו אזוי צו זאגען, ניע אין מיין לעבען האט איינער מיר געוואגט אזוי צו רעדען דו האסט אצונד בעליידיגט א תלמיד חכם, האסט ערנידעריגט די תורה הקדושה, האסט געלעסטערט דעם נאמען פון גאט, אלע קללות פון דער תוכחה זאלען קומען אויף דיין קאפף, און אויף דיינע קינדער און אויף דיינע קינדס־קינדער.

טוביה: גדליה! שעלט ניט מיין קינד, שעלט ניט!

גדליה: אפילו נאך מיין טויט וועל איך דיר ניט מוחל זיין, די זונ

עם פערראָשען ווערען און מײַן שנאה צו דיר ועט נישט אויסגעלאָשען ווערען, ווי אזוי האָסטו געוואָנט דאָם צו טהון!

טוביה: גזלן! רוצח! אהער גיעב מײַן ירושה! (פאלען ארויף אײנער אויף דעם צווייטען, שרײַען)

(פאָרהאנג פאלט)

# צווייטער אַקט.

(דיַ ביַהנע שטעלט פֿאָר איין רײַכען זאאל, רײַכע מעבעל, וועהרענד דער פֿאָרהאַנג הויבט זיך אויף, שטעהט איין דיענסט מעדכען און קעהרט אויס דיַ שטוב, יאנקעל שטעהט נעבען פֿענסטער).

**יאנקעל:** עה, קום נאָר אַהער!

**דיענסט:** זײַט פֿאָרזיכטיג.

**יאנקעל:** האָסטו געזאָגט רבקה'ען אז איך וויל זיַ זעהן.

**דיענסט:** זיַ זאָגט אָבער, אַז זיַ קען אײַך ניט זעהן ווײַל זיַ האָט געגעבען דאָס וואָרט איהר פֿאָטער ניכט זיך צו זעהן מיט אײַך.

**יאנקעל:** וואָס וועט דאָ הײַנט זײַן?

**דיענסט:** מען זאָגט יאקאָבע, אַז עס וועט דאָ הײַנט זײַן אַ האנדשלאַג.

**יאנקעל:** אַ האַנדשלאָג? אַ שלאַג וועט זיי דערשלאָגען איך וועל זיי געבען אַ האַנדשלאָג!

**דיענסט:** מען וועט דאָ שפּיעלען און זינגען.

**יאנקעל:** איך וועל זיי מאַכען אזאַ קאָנצערט, אַז אפילו דיַ רוחות אין גיהנום וועלען משוגע ווערען.

**דיענסט:** דער בעל הבית געהט!

**יאנקעל:** איך וועל דעם למדן ווײַזען וואָס אין פסוק שטעהט; און וואָס פאַר אַ פירוש רש"י מאַכט. (מאכט צו דעם פֿענסטער, אַב).

(אויפֿטריט גדליה)

**גדליה:** וואָס, נאָך נישט אויסגעראָמט? ווער האָט צו געמאַכט דאָס פֿענסטער? שוטים, לאָז זײַן אָפֿען זאָל מען זעהן בײַ טוביה'ן וואָס עס טהוט זיך דאָ, געה שיק אַרײַן דיַ בעל הבית'טע! (דיענסט אַב) — בײַ זיי (צייגט צום פֿענסטער) וועט הײַנט פלאַצען דיַ גאל פֿון קנאה. איך וועל איהם נאָך אומגליקליך מאַכען, דער ערשטער פּראָצעס האָט איהם געקאָסט 1000 רובל איך וועל נאָך זעהן איהם פֿון דיַ מיהל אַרויס צו וואַרפֿען,

דער עם הארץ וועט פֿארשעלטען דעם טאג וואס ער האט גאר אָנגעהויבען מיט גדליה לוריא. (אויפטריט פֿרומע)

פרומע: דו האסט מיך גערופֿען?

גדליה: איך וויל עס זאָל היינט ביי אונז זיין כיר המלך, גרויסארטיג.

פרומע: פֿאר וואס ווילסטו אונז ניט זאָגען וואס איז היינט פֿאר א שמחה?

גדליה: דו וועסט שוין וויסען, איך וועל דיר איה״ש מודיע זיין.

פרומע: גדליה, האָב רחמנות אויף אונזער קינד!

גדליה: געה עס איז נישט דיין זאך, טהו וואס מען הייסט דיר, געה שיק אריין רבקה׳ן, (פֿרומע אב) די ווייבער דאס איז זייער א נייגעריג פֿאָלק, מיט זיי דארף מען טהון ווי די חכמים זאָגען „מיט דער לינקער האנט דארף מען זיי אוועק שטויסען פֿון זיך און מיט דער רעכטער האנד דארף מען זיי צוציהען צו זיך. (אויפֿטריט רבקה)

גדליה: ביזטו געזונד רבקה׳לע?

רבקה: יא טאטעניו.

גדליה: פֿאר וואס ביזטו אזוי בלאס!

רבקה: עס איז אפשר דערפֿאר, אז איך געה צו דיר, שרעק איך׳מיך אביסעל.

גדליה: פֿאר וואס האסטו נישט אָנגעטהון דאס זיידענע קלייד?

רבקה: אט וועל איך מיך געהן איבערטהון.

גדליה: נו זאָל שוין זיין אזוי, אָבער דאס ציהרונג איז דאך ניט שווער געווען אָנצוטהון?!

רבקה: ווילסט איך זאָל אָנטהון דאס ציהרונג? — זאָפֿאָרט!

גדליה: זאָל שוין זיין. זאָג נאר מיר רבקה׳לע, האסט ליעב דעם טאטען?

רבקה: איך האָב דיך ליעב נאר איך האָב מורא פֿאר דיר.

גדליה: חא,חא,ליעב און מורא, אזוי דארף זיין! (אויפטריט ר׳ שרגא,שרה) אה, געסט! ברוך הבא!

ר׳ שרגא: א גוט נאָבענד אייך ר׳ גדליה, (צו רבקה׳ן) וואס מאַכסטו קינד, יונגע מענשען דארפֿען זיין ווי די יונגע בוימערך, זיי דארפֿען בליהען און וואקסען.

**רבקה:** און די אַלטע דאַרפֿען זיין ווי די אַלטע בוימער, זיי דאַרפֿען אונז בעשיצען און געבען גוטע פֿריכטע.

**גדליה:** חא, חאַ, חאַ, חָכמָה מיינע, איך האָב געמיינט אַז דו ווערסט זאָגען אַז אַלטע בוימער דאַרף מען צו־האַקען אויף האָלץ און הייצען אין אויווען, זיצט ר׳ שרגא נעבען מיר איך וועל אייך געבען אַ פּרעכטיגען שמעק טאַבאַקע. (שרגא, שרה זעצען זיך)

**שרה:** איהר האָט איהם פשוט דערקוויקט די נשמה, ער האָט שוין 2 וואָכען ניט געשמעקט.

**ר׳ שרגא:** נאַ, נאַ, נאַרעלע וואָס דאַרפֿסטו טרייבען רכילות... (בעטראַכט די פּיאַנינא) דאָס איז דער שפּיעל־קאַסטען וואָס איהר האָט געבראַכט פֿון וויען? וואָס אַ דייטש קען אויסטראַכטען?!

**רבקה:** דאָס איז קיין שפּיעל־קאַסטען, דאָס איז אַ פּיאַנינא.

**שרה:** אוי שלימזל׳ניק, האָסט קיינמאָהל ניט געזעהען אַ שפּיעל־מאַשין? אַז מען דרעהט זי שפּיעלט זי.

**גדליה:** חאַ, חאַ, די מאַשינע קען מען ניט אָנדרעהען. ניט איין הונדערטער האָט מיך געקאָסט ביז רבקה׳לע האָט זיך אויסגעלערנט שפּיעלען, אַ נו, רבקה׳לע! וויז נאָר דעם רבין וואָס פֿאַר אַ קינסטלערין דו ביזט!

**רבקה:** איך דענק דער רבי וועט ניט וועלען הערען, ווייל ער איז זעהר פֿרום.

**ר׳ שרגא:** אָ דו עכברוש, וואָס, איך בין פֿרום? געטראָפֿען דאָס אָרט, פֿערקעהרט פֿאַר וואָס ניט, די שפּיעל מאַשינע איז גוט פֿאַר וואָס— ווייל אונזער גאָטעניו איז אַ גוטער, דו שפּיעלסט שעהן פֿאַר וואָס—ווייל גאָט האָט בעשאַפֿען אַ גוטע וועלט מיט זיסע טענער מיט שענע מוזיק.

**רבקה:** פֿאָטער לעבען איך וויל בעסער עפּעס זינגען.

**גדליה:** נו, נו, זינג; זאָל מען הערען ביי טוביה מילנער ווי ביי אונז איז פֿרעהליך, לוסטיג. (רבקה זינגט) זינג שטאַרקער העכער... (נאָך דעם זינגען שיט זיך מעהל דורכ׳ן פֿענסטער)—זעהט אַ חוצפה, אַקוראַט אַצונד האָבען זיי אַרויסגעטראָגען די זעק צו טרעסלען אַקעגען מיין פֿענסטער, אַ צרה אַ קלאָג זאָל קומען אויף זייערע קעפּ. גיכער מאַכט צו דאָס פֿענסטער, וואַרט אויס מנוולים די חכמות וועלען אייך טייער קאָסטען! נקמה פֿאַר יעדער זאַך!

ר׳ שרגא: אוי די לוריא׳ס, די לוריא׳ס, געזונד און שטאַרק זאָלען זיי זיין.

שרה: אַזאַ רציחה אַ תל געמאַכט פון מיין שבת׳דיגע קלייד.

(אויפטריט אַלטער, רחמיאל)

אלטער: אַ גוט מאָרגען אייך, מרנן ורבותי!

רחמיאל: אַ גוט מאָרגען אייך, שלום עליכם, שלום עליכם רבצין!

שרה: וואָהין קריכסטו, ביזט דאָך מיך שוין באַלד אויפ׳ן קאָפּ ארויף געקראָכען!

רחמיאל: רבצין וואָס טרייבט איהר רכילות, וואו בין איך, וואו איז אייער קאָפּ (צו רבקה׳ן) אַ גוט מאָרגען אייך, שלום עליכם.

גדליה: זעהסט רבקה׳לע אָ דאָס איז רחמיאל אַלטער ציפּעס.

רבקה: עס פריים מיך זעהר.

רחמיאל: און מיך פרייט נאָך מעהר.

אלטער: איך האָב איהם געלערענט ווי די היינטיגע וועלט פאָדערט, פריהער האָט מען אַזעלכע זאַכען ניט געוואוסט, אַז דער טאַטע האָט געהייסען חתונה האָבען האָט מען חתונה געהאַט, נאָר די וועלט בייט זיך.

גדליה: עט נאַרישקייטען, די וועלט איז די אייגענע, טאַטע בלייבט טאַטע, און חתונה האָבען דאַרף מען אַצונד פונקט ווי פריהער, ניט אַזוי רבקה׳לע?

רבקה: ענטשולדיג פאָטער, איך האָב ניט געהערט וואָס דו זאָגסט, נאָר איך ווייס אַז אַלסדינג וואָס דו זאָגסט איז אמת.

גדליה: אוי, דו גנב!..

ר׳ שרגא: (צו רחמיאל) אַ נו עכברוש, קום אהער, ווי האלסטו שוין אין לערנען?

רחמיאל: רבי, ביי אייך האָב איך מיך געמוטשעט אויף קדושין, און יעצט האַלט איך שוין ביי גמרא ביצה, עס מאַכט זיך איצט זומער, האָפּט אַז איך ווייס, אַז איך פערשטעה, וואָס דער רבי זאָגט טיר.

ר׳ שרגא. אַזוי געזונד און שטאַרק זאָלסטו זיין.

שרה: ביזטו אַ גוטער שלימזל׳ניק, וועסטו קענען זיין אַ רב איה״ש.

אלטער: ר׳ גדליה, איך האָב גערעדט מיט דעם שטאָדט-אַרכיטעקטאָר, און מיט אַלע בעאַמטע פון ראָטהויז. מען קען איהם די מיהל

אראָב וואַרפֿען, ווען אלטער ציפּעס דער ראָטהמאַן און ר׳ גדליה דער ראש הקהל וועלען מאַכען יד אחת וועט אלעס מעגליך זיין. (אויפּטריט פֿרומע)

**פרומע:** סקאַצעל קומט נעסט, גדליה, אפשר וועלען די געסט געהן טרינקען טהעע?

**גדליה:** יאָ געהט וויבער טהעע טרינקען, און אונז שיקט אַריין אַהער אַביסעל משקה, דו רחמיאל געה מיט די וויבער און מיט רבקה׳לען, געפֿעלט זי דיר?

**רחמיאל:** יאָ, אפילו זי האָט אַ בעהאַלטענעם חסרון בין איך איהר מוחל.

**רבקה:** איך האָב נאָר ניט געוואוסט, דאָס זי זינד זאָ נאַכזיכטיג.

**רחמיאל:** איך בין נישט נאַכטזיכטיג און נישט טאָגזיכטיג, איך טהו נאָר וואָס דער טאַטע הייסט.

**גדליה:** נו געהט, געהט!

**רחמיאל:** איך וועל אָבער ניט וויסען וואָס צו טהון, ווייל איך בין קיין מאָהל געגאַנגען צו גאַסט.

**שרה:** געה שוטה, רבקה וועט דיך שוין אויסלערנען ווי אַזוי זיך צו פֿיהרען. (אב)

**רבקה:** קומט יונגער מאַן עס וועט אייך קיין זאַך ניט שאַטען חלילה. (ביידע אב)

**גדליה:** רבי, מיר האָבען צו אייך אַ בקשה, איהר טאָרט זיך ניט אָבזאָגען, איהר מוזט עס טהון ווען אַזעלכע 2 בעל הבתים ווי איך און ר׳ אַלטער ציפּעס בעטען אייך, מוזט איהר אונז פֿאָלגען, הערט! איך האָב מיך בעשלאָסען צו טהון אַ שידוך מיט אַלטער ציפּעס, און איך וויל, איהר זאָלט עס איבער רעדען מיט מיין רבקה׳ן.

**ר׳ שרגא:** וואָס הייסט איך, אַזאַ שדכן ווי איך קען נאָר קאַליע מאַכען, גאָט זאָל מיך ניט שטראָפֿען פֿאַר די רייד.

**גדליה:** ניין נאָר איהר, איך קען ניט, איך ווער באלד בייז, און זי איז אַזוי עדעל אַזאַ שוואַך קינד איהר זענט אַ גוטער, זי אַכטעט און ליעבט אייך, ניט ווי אַ שדכן רעדט מיט איהר נאָר ווי אַ גוטער פֿריינד, ניט איהר צו פֿערשטעהן, אז זי מוז...

**ר׳ שרגא:** האָט רחמנות אויף מיר האָט קיין פֿאַראיבעל ניט, אַ קריינקט אַ שידוך!.. און אַזאַ אין שידוך וויל איך זיך ניט מישען.

אלטער: וואָס רבי, מײַן רחמיאל געפּעָרט אײַך ניט?!
ר' שרגא: חלילה, מיר געפֿעָלט יעדער מענש, אָבער האָט קײַן פֿאַראורטהײל ניט, עָס דארף זײַן גלײַך, גאָט זאָל מיך ניט שטראָפֿען פֿאַר די רײד, רבקה קען שפּראַך, קען זינגען, און רחמיאל איז אַ תם, געזונד און שטאַרק זאָל ער זײַן; רבקה איז רבקה, און רחמיאל איז רחמיאל, ראָזט מיך בעסער געהן אהײם, שרה דבורה?
גדליה: נײן, איהר געהט ניט, איהר מוזט מיט איהר רעדען, איהר שפּראַך, איהר זינגען, איז ווײַבערשע צירונג, קינדער־שפּיעל — און דאָס וואָס ער איז תּמעװאַטע דאָס האַרט מיך ניט, ער איז רײַך, ער וועט זיך רײַבען בײַ גדליה לוריא אין הויז. זאָל טוביה מירלנער וויסען אז איך האַלט וואָרט... נעמט צו בּיסלעך משקה. — (אויפּ־טרעט שרה דבורה)
שרה: האָסט מיך גערופען? האָסט אזוי געשריגען גלײַך ווי די ציעג האָט זיך אָפּגעריסען פֿון די שטריק, אָדער די ציקאָריע איז אויס־געקאָפּען אין אויוועַן.
ר' שרגא: נײן, קינד! די ציעג האָט זיך ניט אָפּגעריסען און די ציקאָריע איז ניט אויסגעלאָפען, חאַ, חאַ, חאַ, גאָט זאָל מיך ניט שטראָפען פאַר די רײד. (אלע טרינקען)
שרה: פֿערגעס ניט אז דו האָסט אַ קאָפּ פֿון אַ פליעג, און נאָר עפּעס וועסטו במחילה... (אויפּטריט רבקה, רחמיאל)
רבקה: דער יונגערמאַן זאָגט, אַז ער איז אײן אויסנעצײכענטער זינגער, איך האָב איהם פֿערשפּראָכען צו שפּיעלען, ווען ער וועט זינגען...
רחמיאל: עָס איז דען אַ נײַעס? די גאַנצע וועלט ווײס, אז ווען רחמיאל זאָל האָבען אַ באָרד וואָלט ער געוועזען אַ בעל תּפלה.
אלטער: ער האָט אַ שײן קול, אַ נו, זינג נאָר ירוחם חזן'ס מכלכל חיים, נישקשה איהר מעגט איהם הערען.
רחמיאל: מען וועט פֿון מיר לאַכען, און איך שעם זיך אַז מען לאַכט פֿון מיר.
רבקה: אין גדליה לוריא'ס הויז לאַכט מען פֿון קײן מענשען.
ר' שרגא: זינג עכברוש דו, לאָז מען זעהן וואָס דו קענסט. — אין פֿלוג איז דאָך יעדער מענש בעשענקט מיט מעלות, און מדות טובות, יעדער איז גוט אין זײַן פֿאַך, פֿאַר וואָס? — אונזער גאָטעניו איז רײַך ער שענקט יעדען מיט פֿיעלע אופנים, דעם—תּורה, דעם—חכמה, דעם—עשירות,

דעם—חזנות, דעם—שמשות, דער יורישער גאָט איז ניט קיין קמצן...

שרה: אוי שלימזל'ניק מײנער, איך זעה דו ביזט שוין אַבּיסעל פערשטערט געװאָרען.

גדליה: נו זינג רחמיאל, — אַהאַ קײנער איז ניט דאָ װעל איך עפּענען דעם פענסטער — נאָר ר' אַלטער, ר' שרגא, ברומט מיט.

אלע: מכלכל חיים בחסד, (פלעצליך הערט מען אַ בלאָז פון אַ שופר, אלע בלײבען שטעהן פערװאונדערט)

ר' שרגא: איך זאָל אַזוי הערען שופר של משיח, װי איך האָב אלײן געהערט אַ תקיעה גדולה.

רחמיאל: אַזוי צו בּראָזען דאַרף מען זײן אַ בּריה אַ בּלאָזער!

גדליה: הערט אַ חוצפּה, שופר גאָר?! און װער? טוביה'ס חמורא — איז דאָס ניט אַ חילול השם — װאַרט אױס מנוולים, די חכמות װעלען אײך טײער קאָסטען, — קומט אַרײן אין אַ צװײטען זאַאל און דו רבקה'לע בלײבּסט דאָ איבּער מיט ר' שרגא'ן, דען ער האָט מיט דיר עפּעס װיכטיגעס צו רעדען, זינג רחמיאל מכלכל חיים. (זינגענדיג אלע אָב, אױסער, רבקה, שרגא, שרה)

שרה: רבקה'לע, אפשר װעט דיר מײן שלימזל'ניק זאָגען מוסר,— עס דיר ניט אָפּ דאָס הארץ, װאָרום ער װײסט אַצונד ניט במחילה װאָס ער רעדט... (אָב)

רבקה: רבּי, איהר האָט מיר עפּעס צו זאָגען?

ר' שרגא: װער, איך? חלילה וחס, נאָר ר' גדליה ער הײסט — אַ תלמיד חכם דאַרף מען הערען, אָבער װאָס בין איך שולדיג, רחמיאל איז אַ בּעל הבּתיש קינד אַן אָרענטליכעס קינד, אָבער װאָס? אז מיר טהוט גאָר װעה מײן הארץ צו דיר צורעדען, אַ יאָ טאָכטער'ל מײנס דו װילסט ניט חתונה האבען, זאָל איך אַזױ זאָגען דעם טאַטען דײנעם?

רבקה: יאָ, זאָגט מײן פאָטער דאָס איך װיל ניט חתונה האָבען, איך בין נאָך יונג איך װיל נאָך ניט מײנע פרײהײט פערליערען.

ר' שרגא: זעהסטו איך האָב דאָך פריהער געװאוסט אָבער דער טאַטע דײנער, דו קענסט דאָך ר' גדליה'ן... און אפשר זײ דיך מיישב... רחמיאל איז ניט קײן שאָלטיק און ניט קײן עם הארץ, אַ דאגה דיר װעסטו ניט זײן צו פרידען, אָבער דערנאָך אז גאָט װעט דיר צו שיקען די קלײנע עופעלעך אױעלבע װעלבע ברומען װי די טײבעלעך אָ אַ! אָ אַ!

וועסטו אַליין זעהן דאָס אין פּלוג וואָס איז דער חילוק, נאַרעלע, רחמיאל איז אזא מאַנזביל ווי אַלע כשר'ה יורען.

**רבקה:** רבי, איהר זענט דאָך מיר אַ גוטער פריינד, צו וואָס זאָלט איהר מיר אָנטהון יסורים?

**ר' שרגא:** דיר יסורים?! קינד מיינס וואָס רעדסטו?! עכברוש דו זאָג מיר דעם אמת, דו מיינסט... דו האָפסט... דו ווייסט שוין וואָס— איך מיין יאַנקעל...

**רבקה:** רבי, איהר זענט דער איינציגער מענש וועמען איך שעם זיך ניט צו זאָגען דעם אמת, איך רעכען אז דער שענדליכער קריג צווישען די ביידע ברידער לוריא וועט זיך ענדיגען, און איך מיט מיין שוועסטער קינד יאַנקעלע... איך שעם זיך אייך צו זאָגען...

**ר' שרגא:** איך פערשטעה, איך בין אַליין אַ פּיינעריגער גנב. איך האָב אַליין אויך ליעב יאַנקעלען אָבער ר' גדליה?! איך האָב מורא ער זאָל ניט טהון עפּעס שרעכטס.

**רבקה:** שלעכטס? איז מיר ניט בעשערט גליקליך צו זיין וויל איך בעסער שטאַרבען.

**ר' שרגא:** פאַר וואָס זאָל אזא קינד אומגליקליך זיין, וואָס רעדסטו שטאַרבען? חלילה, אזא קינד שטאַרבען! האָסטו געהערט אביסל? כשר ליעב קינד מיינס, מיר זאָל זיין פאַר דיין קעפּעלע. (אַזיפּטריט גדליה)

**גדליה:** נו ר' שרגא איהר האָט שוין גערעדט מיט איהר?

**ר' שרגא:** יאָ, זאָלט איהר מיר געזונד זיין, נאָר זי זאָגט... חלילה, זי זאָגט גאָר ניט נאָר זי מיינט... חלילה, זי מיינט גאָר ניט... נאָר זי וויל...

**גדליה:** וואָס וויל זי?!

**ר' שרגא:** חלילה, זי וויל גאָר ניט... דאָס אומגליק איז, וואָס אַקוראַט דוקא רחמיאל'ן האָט זי ניט ליעב... ר' גדליה וואָס איז זי נעבאך שולדיג?

**גדליה:** אזוי? נו וועל איך מיט איהר שוין אַליין רעדען.

**ר' שרגא:** ר' גדליה, נאָר מיט גוטען, פערגעסט ניט אז כעס איז עבודה זרה, אונזערע חכמים זאָגען: „כל הכועס כל מיני גהינום שולטים בו".

**גדליה:** (צו רבקה'ן) אהער קום, זאָג נאָר מיר, בין איך

עלטער פון דיר? קלינגער פון דיר? פערשטעה איך מעהר פון דיר?

רבקה: געוויס פערשטעהסטו מעהר פון מיר.

גדליה: בין איך דיר א גוטער פריינד? ווינש איך דיר גוטעס?

רבקה: געוויס ווינשטו מיר גוטעס, נאר נאך דיין פערשטאנד.

גדליה: נאר אן פילאזאפיע, זאג נאר מיר בין איך דיין טאטע וועלכען דו דארפסט הערען און פאלגען?

רבקה: יא טאטעניו, איך עהרע דיך, איך בין בערייט צו טהון אלעס וואס דו וועסט מיר בעפעה־לען.

גדליה: אלוא הער, איך געפין אז רחמיאל אלטער ציפעס איז פאר דיר א פיינער שידוך, ער איז פרום, קען א ביסעל לערנען, אי דאס וואס ער האט ניט קיין איבערגעשפיצטען קאפ, איז פאר דיר א מעלה וועסט געהן אין שטריימעל, מיינסטו אז דיין מאמען וואלט ניט פיעל בעסער געוועזען ווען איך זאל זיין אביסעל נארישער? אלוא זאג, וועסטו חתונה האבען מיט רחמיאל'ן?

רבקה: ניין, ניין!..

ר' שרגא: גאטעניו פאטער!

גדליה: וועסטו מיך ניט פאלגען?

רבקה: ניין, איך וועל דיך ניט פאלגען!

גדליה: וואס? דו וועסט ניט מיך פאלגען האסטו געזאגט? וועה איז מיר, צו האב איך דאס געהערט, צו עס האט זיך מיר אויסגעוויזען?

רבקה: טאטעניו הייס מיר געהן אין פייער וועל איך דיך פאלגען, אבער איך קען דיך ניט פאלגען, און ליעבען דעם, וועם מיין הארץ הייסט ניט ליעבען.

גדליה: דיין הארץ! איך וועל דיר ארויס רייסען דיין טרפה'נע הארץ און טרעטען מיט די פיס. איך וועל דיר ארויס רייסען דיינע אויגען וועלכע קוקען אהין וואו מען דארף ניט, חצופה! פערשייטע!

ר' שרגא: טייערער ר' גדליה, פערגעסט ניט: לעולם יספר אדם בלשון נקיה—מיט א ריינע שפראך דארף א יוד רעדען אן שלעכטע ווערטער.

גדליה: געהט צו אלדע שווארץ יאהר! רבקה, אהער קום! זאג נאר מיר פאר וואס ווילסטו ניט דעם שידוך? דו ווייסט דען ניט אז איך מוז אצונד אויספיהרען וואס? טוביה דער מילנער זאל וויסען אז אפילו ביי מיר אין שטוב קען איך אויך ניט זיין קיין בעל הבית, ניין! גדליה לוריא

איז בעל הבית, איך זאָג דיר אַז דו וועסט מקבל קנין זיין נאָך היינט, רי מינוט.

רבקה: ניין, לעבעדיגערהייט געהט ניט אַ מענש אין קבר פריהער טייטט מיך און דאַן וועסטו מיך בעגראָבען אין אַ פינסטערע גרוב.

גדליה: איך ווייס אין וואָס פאַר אַ קבר דו ווילסט ליגען; דאָרט ביי טוביה'ן דאָרט איז דיין קבר, דאָרטען ווילסטו זאָל איך דיר בעגראָבען, ניין, איך וועל דיר בעגראָבען אין אַנ'אַנדערע קבר.

ר' שרגא: ר' גדליה נאָר מיט גוטען.

גדליה: געהט צו אַלדע שווארץ יאָהר. (שטופט איהם אַרויס)

ר' שרגא: ר' גדליה, נאָר אָן כעס, נאָר אָן כעס. (אָב)

גדליה. יעצט וועל איך מיט דיר רעדען קורץ און שאַרף, זאָג נאָר מיר, חצופה, ביזט פערליעבט אין טוביה מילנערם חמולא.

רבקה: יאָ, איך ליעב איהם פון מיין קינדהייט אָן.

גדליה: איך האָב דאָך דיר אָנגעזאָגט אַז דו זאָלסט מיט איהם ניט רעדען מעהר.

רבקה: איך רעד ניט מיט איהם פון יענער צייט, איך זעה זיך מיט איהם, אָבער ווען איך זאָל איהם אייביג ניט זעהן וועט דאָך אימער זיין געשטאַלט שטעהן פאַר מיינע אויגען.

גדליה: אַ ליגען זאָגסטו, פאַר דיינע אויגען וועט שטעהן דאָס געשטאַלט פון רחמיאל'ען! נאָך היינט וועסטו זיין כלה זיין.

רבקה: ניין, ניעמאַלס!

גדליה: יאָ! זאָג איך דיר.

רבקה: ניין, זאָג איך, ניין, ניין!

גדליה: (שלאָגט איהר) חצופה, עזות'ניצע, וועסט טהון וואָס איך הייס דיר?

רבקה: ניין! וועסט מיך שניידען מיט אַ מעסער וועל איך זאָגען ניין! וועסט מיך רייסען אויף שטיקער וועל איך זאָגען ניין! איך בין אויך אַ לוריא און איך זאָג ניין וועט זיין ניין.

גדליה: און איך זאָג יאָ וועט זיין יאָ.

רבקה: ניין! ניין! ניין! (יאָגט זיך נאָך מיט אַ שטעקען און ברעכט איהר אויס די הענד, זי גיט איין ווילדען געשריי. אויפטריט פרומע)

פרומע: גוואלד מיין קינד מיין איינציג קינד האָט מען דער'הרג'עט!

**רבקה:** מאמע, מיין האנד איז צובראכען!

**פרומע:** רעטעט מיין קינד. א דאקטאר, געשווינד!

**רבקה:** שא, וואס איז דאס פאר א געשריי? וואס האט איהר זיך אזוי ערשראקען, א האנד איז נאך ניט אזא גרויס אומגליק, בעסער צו פערליערען א האנד, איידער די זעעלע און דאס גאנצע לעבען, ניט אזוי מאמעניו?

**גדליה:** (פוייזע) רבקה לע מיין בת יחיד'קע. (פאלט אויף איהר)

(פארהאנג פאלט)

# דריטער אַקט.

(די בִּיהנע שטעלט פֿאָר איינע שטראַסע, צוויי הײַזער איינס אַקעגען דאָס צווייטע, גדליה'ס הויז איז רײַכער, טוביה'ס אָרעמער, נעבען טוביה'ס הויז ליגען זעקלעך מעהל, אויף דער בּיהנע איזט פִינסטער, די לבנה שײַנט, בּײַ טוביה'ן אין פֿענסטער לײַכט זיך, אַרבּייטער זינגען).

גדליה: איך בּעט אײַך זינגט ניט אונטער מײַן פֿענסטער, דען מײַן טאָכטער איז קראַנק.

אלע: אָבער ר' טוביה לוריא בּעצאָהלט דערפֿאַר.

גדליה: נעהמט געזונדערהײַט איך וועל אײַך מעהר בּעצאָהלען.

אלע: נו גוט. (אלע זינגענדיג אָב)

גדליה: יאָ, מײַן קינד איז קראַנק, בּײַ מיר אין הויז איז פִינסטער, און דאָרטען אַנטקעגען איז ליכטיג, בּײַ גדליה'ן אין הויז איז איין אומגליק אַ סקאַנדאַל, גדליה איז נידער געשלאָגען, נאָר וואַרט אויס דאָרטען, גדליה לעבּט נאָך, איך האָב יעצט מיט אײַך אָבגעדאַווינט שחרית, מוסף וועל איך נאָך דאַווענען. (אויפֿטריט טוביה)

אָה, דער מילנער געהט, עס גיט מיר אַ שטאָך אין האַרצען אַז איך דערזעה זײַן טרפה'נעם פרצוף, ער פֿערפּעסטעט די לופֿט מיט זײַן אָטהעם. (אָב)

טוביה: וואָס איז דאָס מיט מײַן יאַנקעלען אַזוי ווי אַ פֿערסם'טער לויפֿט ער אַרום די גאַנצע צײַט איך מוז הײַנט פֿאָהרען צו מײַן אַדוואָקאַט און אַז איך וועל זיך ניט געזעגענען מיט איהם וועל איך ניט קענען דעם טאָג רוהיג איבּער לעבען — אַהאַ שטיל געוואָרען, אויס שמחות, די ציִמבּאַלעס מיט די טאַפּטשאַנעס שפּיעלען שוין ניט מעהר... הער אויס גדליה מײַן אַדוואָקאַט האָט אָנגעטאַפּט דעם אמת'ן זאַקאָן וועלכער וועט דיך בּרענגען אויף דער תליה. (אויפֿטריט ישרגא, שרה מיט איינען פֿאָנאַר)

אַ גוט נאָבּענד אײַך רבי.

ר' שרגא: דאָס זענט איהר ר' ישראל טוביה, געזונד זאָלט איהר זײַן.

טוביה: וואָהין אַזוי שפּעט? געהט איהר אפשר צום תלמיד חכם

ער האָט אײַך דאַמאָלס װעניג געשלאָגען? געהט װעט איהר קריגען נאָך א פּאָרציע.

**שרה:** װאָס, ער האָט דיר געשראָגען? אַ צרה זאָל קומען אויף זײַן קאָפּ, ער האָט ניט געפֿונען װעמען צו שלאָגען, אז פֿערשאַרפֿט זאָל ער װערען!

**ר' שרגא:** שאַ, שעלט ניט אַזוי, װאָס רעדט איהר עפּעס ר' טוביה, װאָס הײסט, מיך שלאָגען און אַ חוץ דעם װאָס בין איך עפּעס װאָס מיך װעט מען שלאָגען, מיר דאַכט איך װאָלט פֿון איהם אַ תל געמאַכט גאָט זאָל מיך ניט שטראָפען פֿאַר די רײד אוי מײַנע רעהמאַטיזם!

**שרה:** ער האָט דיך געהרגעט, רוצח! ער האָט דאָך דיר גע־מסית׳ט, ער האָט דאָך דיר ריק און לענד צו בראָכען. איך העד אָבער בײַ נאַכט מײַן שלימזלניק קעהרט זיך אויף אלע זײַטען און קרעכצט, גלײַך װי ער געהט צו קינד.

**ר' שרגא:** נאַרעלע איך קרעכץ אַ מאָהל װײַל זינדיגע געדאַנקען לאָזען מיך ניט שלאָפען א ף אַלע זײַטען װײַל איך װיל פֿערטרײַבען דעם יצר הרע, אוי דער יצר הרע, דער יצר הרע געזונד און שטאַרק זאָל... ר' טוביה האָט קײַן פֿאַראיבעל, ר' גדליה איז אַ תלמיד חכם, און די חכמים זאָגען: „תלמיד חכם שעבר עבירה בלילה אל תהרהר עליו ביום", װען אַ תלמיד חכם האָט געטהון אײַן עבירה בײַ נאַכט טאָר מען ניט קלערען װעגען איהם קײַן שלעכטעס בײַ טאָג, זעהט, זאָלט איהר געזונד זײַן, װאָס אַ תלמיד חכם איז און װאָס האָט ער מיר געטהון... חלילה װײס איך, אפשר האָב איך עס כשר פֿערדינט, פֿונדעסטװעגען זעהט װאָס ער שרײַבט מיר (נעמט אַרויס אַ בריעף, גיט דער רבצין דעם פֿאַנאַר זי זאָל איהם לײַכטען, ער ליעט) לכבוד הרב המפורסם װײס איך דאָרטען... אַז ר' ישראל... נאָר דאָס בין איך אײַך מוהל—„רבי איך װעל מיך אלײן האַבען און פֿעראַכטען אויב איהר װעט מיר ניט פֿערגעבען, טויזענד מאָל בעט איך אײַך איהך זאָלט מיר מוחל זײַן, מײַן קאָפּ איז בעדעקט מיט חרפה און בזיון, מײַן בלוט טריעפֿט אין מיר װען איך דערמאָן זיך אַז איך האָב אויף געהויבען מײַן האַנד געגען אַ זקן נכבד אב"ד ושופט בישראל, רבי, װעט איהר עס פֿערגעסען? װעט איהר מיר מוחל זײַן, אוי לי מיצרי ואוי לי מיוצרי מײַן קינד איז קראַנק זי האָט אײַך אַזוי ליעב אפשר אַז זי װעט אײַך זעהן װעט..." (װײַנט)

— **שרה**: וואָס ווייסטו? ער האָט דיך אפשר ווייניג געשלאָגען.

**ר' שרגא**: ווער, איך ווייס? ווי איך זעה האלסטו מיר גאָר ניט פאַר קיין מאנסביל.

**טוביה**: רבי, וואָס טהוט מען בעסער מיט מיין יאַנקעלען ער איז דאָר ווי אַ הונד און ווייס ווי די לבנה.

**ר' שרגא**: אוי די לוריא'ס, די לוריא'ס, זיי מאַכען אַ תל פון זייערע אייגענע קינדער, וואָס וועט זיין דער סוף.

**טוביה**: באַלד וועט עס זיין אַ כוף. מיין אַדוואָקאַט שרייבט מיר איך זאָל קומען מיט 300 רובל, ער האָט שוין אָנגעטאַפּט דעם אמת'ן זאַקאָן.

**ר' שרגא**: אוי די אַדוואָקאַטען ניט געראַכט זאָלען זיי זיין, גאָט זאָל מיך ניט שטראָפען פאַר די רייד איהר וועט זעהען אַז דעם אמת'ען זאַקאָן קען נאָר גאָטעניו אָנטאַפּען, קום שרה דבורה לאָמיר געהן זעהן וואָס מאַכט דאָס קינד.

**שרה**: אוי שלימזלניק, אַנ'אַנדערער רב אַז ער קריגט פעטיש מאַכט ער דערפון איין געשעפט און פערדיענט נאָך געלד דערפון, און דו טרייבסט נאָר דעם יצר הרע, אוי שלימזלניק... (ביידע אָב)

**טוביה**: אוי, בין איך ביז אויף מיין יאַנקעלע, מיר דאַכט זיך ווען איך זאָל איהם אַצינדערט זעהן וועל איך איהם... (אויפטריט יאַנקעלע) דאָס ביזטו יאַנקעלע, קום טאַטע מיינער לאָמיר זיך צוקושען דען איך פאָהר באַלד אין דער גובערניע מיט אייזען באַהן.

**יאַנקעל**: פאָלג מיך טאַטע פאָהר ניט.

**טוביה**: אַצינדערט? ווען מיין אַדוואָקאַט האָט אָנגעטאַפּט דעם אמת'ן זאַקאָן?

**יאַנקעל**: די אַדוואָקאַטען ווערען אַזוי לאַנג טאַפּען זאַקאָנעס, ביז זיי וועלען ביי אייך ביידע אוים נארען דאָס געלד, פאָלג מיך טאַטע לאָז שוין זיין אַנ'ענדע.

**טוביה**: אַנ'ענדע, נו אין די ירושה?

**יאַנקעל**: איך בין דיר מוחל די ירושה. אפשר וועט שוין אַ מאָל פערלאָשען ווערען דאָס פייער פון דער ברענענדער שנאה צווישען אייך, אין דעם פייער פערברענט איהר אייערע אייגענע קינדער.

**טוביה**: וואָס הייסט דאָס? ניט קיין בעקאַנטע עבירה, ווי איך בין אַ יוד!

יאַנקעל: רבקה איז קראַנק און וואָס וועט פון מיר ווערען?

טוביה: וועט זיין בעשערט וועט רבקה איה"ש געזונד ווערען, איך ווינש איהר ניט קיין שלעכטעס, נאָר וואָס האָט עס צו דיר?

יאַנקעל: איך וועל דיר זאָגען וואָס עס האָט צו מיין טאַטען, איך וויל אַז דער שענדליכער קריזיג זאָל איין ענדע נעהמען דען איך האָב ליעב מיין שוועסטער קינד רבקה'לען.

טוביה: איך האָב זי אויך ליעב.

יאַנקעל: אַז דו האָסט זי ליעב, פאַרוואָס זאָל זי ניט זיין דיין שנור?

טוביה: וואָס?! גדליה לוריא'ס טאָכטער מיין שנור? מיין ערגסטען שונא'ס טאָכטער אין מיין הויז?!.. דער רוצח מיין מחותן שטעהט מיר ניט אָן, אויף דער פלאַכע האַנד וועט האָר וואַקסען איידער דאָס וועט זיין!

יאַנקעל: אויב דו ליעבסט מיך וועסט עס טהון פון מיינעט וועגען.

טוביה: אַלעס יאָ, נאָר דאָס ניט! האָסט ניט געוואָלט לערנען ביי ר' שרגא'ן, בעסער געהן אין רעמעסלענע שקאָלע, געה—האָסט ניט געוואָלט געהן מיט די פאה'קעלעך, לאָז זיין אַזוי—האָסט געוואָלט טראָגען דייטשע קאַפאָטעס מיט שמאָלע פלורען, האָב איך דיר נאָך געגעבען, יעצט ווילסטו מיר מאַכען פאַר אַ נאַר פאַר אַלע... פאַר אַ משוגע'נעם, ניין יאַנקעל, בלאָ.

יאַנקעל: בלאָ זאָגסטו?! זאָג איך דיר אַז עס קען אַנדערש ניט זיין, רבקה'לע מוז זיין מיינע.

טוביה: יאַנקעל שטעה מיר ניט אונטער דער האַנד, וואָרום איך וועל דיך איין זעץ געבען וועסטו זיך צו שיטען אויף שטיקלאַך, אָט דאָס איז דיין שעהנעם דאַנק פאַר אַלעס וואָס איך האָב מיט דיר געטהון? ביזט נאָך געוועזען אַ שנעק אַז דיין מאַמע איז דיר געשטאָרבען איך בין געוועזען אַ יוד וואָס איך האָב בעדאַרפט חתונה האָבען, אָבער נאָך ווי אַזוי בעדאַרפט... האָב איך זיך אָבער אַזוי געטראַכט, מיין יאַנקעלע וועט האָבען אַ שטיף מאַמע? ניין! איך האָב די חתונה פער־קנייטשט, אָפּטמאָהל פלעגט מען דיר דאַרפען טשאַכטשען, אָבער גוט טשאַכטשען האָב איך אָבער געקלערט ער איז אַ יתום זאָל ער שטיפען, איך האָב גערעכענט פון דיר נחת האָבען אויף דער עלטער צום סוף

מיט וואס ווילסטו מיר בעצאהלען? מיט גדליה לוריא'ס טאכטער—מיין שנור?! ניט דער לעבען ניט דער הארען זאלען עם מיינע שונאים.

**יאנקעל:** דיינע שונאים וועלען עם יא דער הארען.

**טוביה:** אך, א חלי-רע זאל קומען... שונאי ישראל... לאז מיך בעסער צו ברעכען דעם שטעקען, דען מיין בלוט קאכט אין מיר. (ער צוברעכט זיין שטעקען)

**יאנקעל:** טאטע, דו וועסט מיך ניט איבערשרעקען מיט קיין שטעקען, איך זאג דיר אז דו וועסט ניט מאכען א סוף פון דעם שרעקליכער שנאה, וועסט ניט זעהן אז רבקה'לע זאל זיין מיינע, טרעט מיין פוס ניט מעהר אריבער דיין שוועל.

**טוביה:** שרעק מיך ניט יאנקעלע, איך בין ניט קיין שרעקענדיג קינד.

**יאנקעל:** איך מאך קיין שפאס, מיר צושיירען זיך אייביגע שונאים.

**טוביה:** ווען איך זאל אפילו זעהן דיין בלוט רינט פון דיר, ווען איך זאל אפילו זעהן חיות רעות צורייסען דיך אויף שטיקער, וועל איך שרייען, ניין און ניין!...

**יאנקעל:** און איך זאג דיר ווען אפילו די ערד שלינגט איין אל'ע לוריא'ס, אלע אדוואקאטען מיט זייערע זאקאנעס וועל איך שרייען יא און 1000 מאל יא! די וועלט מעג אפילו אונטער געהן, מוז זיין יא, איך בין אויך א לוריא און אז איך זאג יא, וועט זיין יא!..

**טוביה:** איך וועל דיר... לאמיר בעסער אוועק געהן. (ביידע אב אין פערשידענע וועגען, אויפטריט רחמיאל)

**רחמיאל:** אוי ציטער איך אז די לונג און לעבער שאקעלט זיך מיר פאר מורא, איך ווייס ניט ווי אזוי וועל איך קענען עפענען די טהיר, מה דאך זיין אייגענע טאכטער האט ער געקענט אויסברעכען א האנד, קען ער דאך מיר אלע ציין ארויס נעהמען, איך האב מורא... און די לבנה שיינט, איך זעה אין די לבנה יהושע בן נון'ס פנים, ער ווינקט צו מיר און לאכט, א ודאי קען ער לאכען וויל ער איז געווען א גבור, ווען איך זאל זיין א גבור וואלט איך... וואס וואלט איך? איך וואלט מלחמה געהאלטען מיט גוג ומגוג איך וואלט געווארען שני למלך, רבקה וואלט איך ליעב געהאט ווי האניג מיט בולקע און פאר'ן מחותן וואלט איך קיין מורא געהאט, ווען איך בין א גבור... פאר וואס בין איך ניט געבוירען

געוואָרען פאַרצײַטען? פאַרצײַטען זענען דאָך אַלע יודען געווען גבורים, נאָר פון הײַנט אָן וועל איך שוין זײַן אַ גבור... (אויפטרעט יאַנקעל)

יאַנקעל: אוי דו גבור! וואָהין טראָגט דיך דער שוואַרץ יאָהר?

רחמיאל: יאַנקעלע דאָס ביזט דו? אוי האָב איך זיך איבערגעשראָקען אַז דאָ אונטער'ן לעפעלע איז מיר עפּעס, איך געה צום מחותן.

יאַנקעל: מיט וועמען ביזטו אַ מחותן?

רחמיאל: מיט ר' גדליה'ן.

יאַנקעל: געה אַהײם, רבקה איז קראַנק, און ר' גדליה איז זעהר צוטראָגען. —

רחמיאל: דער כלה האָט דער טאַטע ניט געהײסען טשעפּען, ער האָט מיר נאָר געהײסען רעדען מיט'ן מחותן, מען דאַרף פאָלגען וואָס אַ טאַטע הײסט, וואָס אַלע גוטע פרומע לײַט הײסען, אַ ברכה... אפילו אין דער ווײַבערשער מורה אני שטעהט אויך אַזוי.

יאַנקעל. און וואָס האָט דיר דער טאַטע געהײסען, פּרינעוואַטע חכם מײַנער?

רחמיאל: דער טאַטע הײסט מיר, איך זאָל געהן צום מחותן און פרעגען מיט'ן פולען מויל, ר' מחותן, וואו האַלטען מיר אין דער וועלט?

יאַנקעל: געה אַהײם, אַז ר' גדליה וועט דיר ווײַזען וואו ער האַלט אין דער וועלט, וועט דיר דײַן כשר'ה נשמה אַרויס.

רחמיאל: יאַנקעל! דאָס האָסטו דאַמאָלס געבלאָזען? אוי בלאָזטו געזונד!

יאַנקעל: געה אַהײם, אַז ניט קריגסטו באַלד פון מיר אַ תקיעה גדולה.

רחמיאל: איך דאַרף אָבער וויסען ווען ס'וועט זײַן די חופה, דו מײנסט אַז איך האָב כח צו זיצען און וואַרטען?

יאַנקעל: אַהײם געה פּרינעוואַטע מחותן מײַנער. (יאָגט זיך נאָך איהם)

רחמיאל: טאַטע, טאַטע! (ביידע אָב, אויפטרעט שרגא)

ר' שרגא: גאָטעניו, העלף מיר מאַכען שלום, דו מוזט מיר העלפען גאָר אָן אַ שום תירוץ, נאָר ווי אַזוי הײבט מען אָן זאָגען, פון ר' גדליה'ן קען איך קריגען גוט געבראָכען די בײנער, טוביה איז אויך אַ לוריא, דאָך ניט אַזאַ געבראָטענער — אין פלוג איז דאָך ניט שווער צו מאַכען שלום צווישען מענשען, וואָרום יעדער מענש האָט דאָך ליעב

שלום, מען דארף נאָר קענען צו ברעכען די מחיצה, אָבער וואָס זאָל איך טהון אַז איך בין אָבער אַזאַ געקוילעטעטער מענש, איך האָב ניט קיין לשון, גוטער גאָטעניו! דו האָסט דאָך אַ סאַך... פאַר וואָס האָסטו מיר געזשאַ-לעוועט נאָך אַ קאַפּעטשקע שכל (געהט צו צום פענסטער) ר׳ טוביה ר׳ טוביה! איהר זענט נאָך נישט אַוועק געפאָהרען?!

**טוביה:** יאַנקעל דאָס ביזטו? — אהאַ, וואָס ווילט איהר?

**ר׳ שרגא:** די חכמים זאָגען: יפה שתיקה לחכמים, קל וחומר לטפשים, פאַר קלוגע פאַסט שווייגען, אַ פשיטה שוין פאַר די נאַראָנים, אָבער איך מוז רעדען.

**טוביה:** נון רעדט-זשע גיכער רבי, ווארום איך האָב היינט פריגען אין דער נאָז.

**ר׳ שרגא:** ר׳ טוביה, רחמן בן רחמן, קוקט אויף דעם הימעל די לבנה, די שטערען, הנה לא ינום ולא יישן שומר ישראל גאָט שלאָפט ניט און... און רבקה׳לע איז שטאַרק קראַנק האַלט ביי׳ם שטאַרבען, דאָרט זיצען איצטער 3 דאָקטוירים אַ קאָנסוליום איהר הערט אַ קאָנסוליום, דער עולם געהט אַריין תהלים זאָגען.

**טוביה:** אַזוי?! נעבאַך אַ רחמנות אויפ׳ן מעדעל.

**ר׳ שרגא** יאָ, יאָ, אַ רחמנות, זאָלט איהר מיר געזונד און שטאַרק זיין, נו! לאָז-זשע שוין זיין שלום, שרום על ישראל!

**טוביה:** שלום? אַ מכה! אין פסוק שטעהט, אין שלום אמר ד׳ לרשעים, נישטאָ קיין שלום פאַר די רשעים זאָגט גאָט.

**ר׳ שרגא:** געזונד זאָלט איהר זיין, ניט אַזוי לערענט דעם פשט, גאָט פרעגט ביי די רשעים וואָס קריגען זיך, איז דען ניטאָ קיין שלום וואָס איהר קריגט זיך? אַזוי דאַרף מען לערנען דעם פשט.

**טוביה:** אין אייער פסוק וועט איהר לערנען דעם פשט ווי איהר ווילט, איך וויל אָבער לערנען דעם פשט ווי איך וויל. (מאַכט צו דאָס פענסטער)

**ר׳ שרגא:** נו, געה טהו עפּעס אַז עס איז ניטאָ קיין מענה לשון, נאָך איין האָר וואָלט איך שוין געוועזען ביים וועג מישט זיך אַריין די צונג, גאָט זאָל מיך ניט שטראָפען פאַר די רייד... אהאַ די דאָקטוירים געהען שוין, גאָטעניו שיק איהר אַ רפואה, דו ביזט דאָך עפּעס אַ גוטער דאָקטאָר אַז דו ווילסט... (אויפטרעט דאָקטוירים, שרה, גדליה)

**גדליה:** העדר דאָקטאָר, דאָרטען האָב איך אייך ניט געוואָלט

פרעגען, מיין פלונית'טע זאָל זיך ניט איבּערשרעקען, אָבּער מיר מעגט איהר זאָגען דעם ריינעם אמת, איז מיין קינד געפעהרליך?

**דאָקטאָר:** די האַנד איז ניט געפעהרליך, נאָר די נערוועז פיעבּער איז אין איין געפעהרליכען צושטאַנד עס איז אונמעגליך צו קורירען דען יעניגען וואָס וויל ניט מעהר לעבּען.

**גדליה:** וואָס? מיין קינד איז געפעהרליך, זי קען שטאַרבּען?!

**ר' שרגא:** געפעהרליך ווערה מיר, וואו בּיזטו גאָטעניו?!..

**דאָקטאָר:** וויר האָבּען קיין מיטעל מעהר. (וויל געהן)

**ר' שרגא:** העֶרר דאָקטאָר, עס איז יאָ דאָ א מיטעל, ער... ער ווייסט פון דעם מיטעל.

**שרה:** וואָהין קריכסטו ער האָט דיך נאָך ווייניג געשלאָגען, ווילסטו ער זאָל דיך דער'הרג'נען?

**ר' שרגא:** קינד לאָז מיך, איהר זעהט דאָקטאָר די 2 הייזער איינס אקעגען אַנדער'ן דאָ וואָהנען צוויי בּרידער צוויי לייבּליכע בּרידער איין מוטער האָט זיי געבּוירען, אָבּער זיי זענען זיך די ערגסטע שונאים זיי געהן אויף מעסערם, קריעג, מחלוקת, גאָט זאָל מיך ניט שטראָפען פאַר די רייד, נון קען מען געזונד זיין בּיי אַזעלכע אומשטענדע, און זי איז דאָך אַזאַ גוט קינד, אַזאַ ערעלע הארץ, אַ יאָ דאָקטאָר, ווען עס וואָלט שטיל געוואָרען און זי זאָל זיך בּערוהיגען וואָלט זי געזונד געוואָרען?

**דאָקטאָר:** געוויס, געוויס!

**ר' שרגא:** דאָס איז נאָך ניט אין גאַנצען העֶרר דאָקטאָר, זי איז פערשטעהט איהר מיך א יונג מעדעל בּיי יענעם בּרודער איז דאָ א יונגער בחור, איהר ד"ר, געזונד וואָלט איהר זיין, איהר זעהט דאָך א געבּילדעטער איהר פערשטעהט בּעסער, אז אַ יונגער מאַנן מיט א יונג מעדעל הם... הם... געזונד וואָלט איהר זיין, צוויי זיסע ליעבּע קינדער... נאָר די עלטערען טרייבּען זיי יונגערהייט אין דער ערד אַריין, ווי זאָגען זיי אז מען האָט ניט קיין האָפנונג גליקליך צו זיין דאַרף מען ניט האָבּען קיין כח צו לעבּען.

**דאָקטאָר:** זאָ? זאָ איז די געשיכטע? העֶרר לוריא וויסען זי דאָס לעבּען פון איהרען קינד העֶנגט אָן אייך. אַלזאָ לעבּט וואָהל אונד פערגעסען זי ניכט דאָס איהר קינד האָט ניט פיעל צו לעבּען. (אָבּ)

**ר' שרגא:** נייַן גאָטעניו, דערלאָז ניט צו אַזאַ סוף...

**שרה:** וואָס שטעהסטו, קום מיר וועלען געהן אהיים, ווי גאָט וועט מאַכען אַזוי וועט זיין.

**ר' שרגא:** אַ גוטע נאַכט ר' גדליה, פרעגט אייער הערץ וואָס איהר דאַרפט יעצט טהון. גאָט פון דעם הימעל זאָל אייך צו שיקען ריינע גוטע געדאַנקען, עושה שלום במרומיו הוא יעשה שלום עלינו ועל כל ישראל, אַ גוטע נאַכט ר' גדליה. (ביידע אַב)

**גדליה:** מיין קינד שטאַרבט, מיין איינציגעס קינד מיין גליק מיין נחמה שטאַרבט, איך האָב זי דערשלאָגען, איך האָב זי קראַנק געמאַכט, און אַצונד זאָל איך זי לאָזען שטאַרבען ווען דאָרטען אקעגען איבערען וועג איז אפשר דאָ אַ מיטעל זי צו רעטען, (רבקה קרעכצט). ניין רבקה'לע איך וועל דיך ניט לאָזען שטאַרבען, ער וועט ניט פערשטעהן מיין לאַגע. ער וועט מיך דריקען, ער וועט מיך טרעטען מיט די פיס אין שטויב — נאָר וואָס איז דאָס אלעס ווען עס האַנדעלט זיך אום לעבען און טוידט פון מיין קינד, רבקה'לע מיינע, איך געה קינד מיינס איך פאָלג דיך דו ביזט מעהר מיוחס פון מיר, יאָ, איך געה איך געה. (לאָזט זיך געהן און שטעלט זיך אָב לאָזט זיך ווייטער געהן ביז ער קומט צו דער טהיר, קלאַפּט אָן)

**טוביה:** ווער קלאַפּט דאָס דאָרטען?!.. אַ פנים אַ גאַנצע נאַכט וועט מען מיך ניט לאָזען שלאָפען, אהאַ, דאָס ביזטו רוצח?!.. וואָס טהוסטו דאָ אַזוי שפּעט ביי נאַכט? ביזט געקומען בלוט פערגיסען!

**גדליה:** איך בין געקומען צו דיר איך וויל מיט דיר רעדען, איך מוז מיט דיר רעדען!..

**טוביה:** געה! איך האָב שוין מיט דיר לאַנג אָפּגערעדט!..

**גדליה:** טוביה!..

**טוביה:** יאָ, מיין נאָמען איז טוביה, אָבער וואָס ווילסטו?

**גדליה:** דו ווייסט? מיין קינד רבקה'לע שטאַרבט!

**טוביה:** שטאַרבט?.. ווער איז מיר... נו וואָס זשע שטעהסטו, קום אריין!

**גדליה:** יאָ זי שטאַרבט און איך געה צו דיר. (וויל געהן פאַלט אויפ'ן שוועל)

(פאָרהאַנג פאַלט)

# פירטער אַקט.

(די בּיהנע ווי אין ערשטען אַקט).

**שרה:** היינט איז אַ שמחה אין שטעדטיל די משוגע'נע בּרידער לוריא'ס האָבּען זיך איבּערגעבּעטען, אַזוי פיעל יאָהר זיך נעדראַפּעט ווי די קעטץ, און דאָך שלום געמאַכט, מיין שלימזלניק וועט זיך שוין איצטער אַביסעל קענען אויס רוהען, די לוריא'ס האָבּען איהם אויך קראַנק און משוגע געמאַכט. (אויפטריט שרגא)

**ר' שרגא:** אַ גוט מאָרגען דיר שרה דבורה, שלום אין שטעדטיל שלום אין לוריא'ס משפחה און איך בּין גליקליך און צופרידען, אַהאַ טינט און פּאַפּיער... אָבּער וואו איז מיין גענזענע פעדער איך קען ניט שרייבּען מיט די דייטשע פּענעס, וואָס אַ דייטש קען אויסטראַכטען! גאָט זאָל מיך ניט שטראָפען פאַר די רייד. (זי גיט איהם אַ גענזענע פעדער. אויפטריט קלונימוס)

**קלונימוס:** אַ גוט מאָרגען אייך רבי!

**ר' שרגא:** אַ ברוך הבּא! מה שמיכם?

**קלונימוס:** איך הייס קלונימוס דער חזן!

**ר' שרגא:** דער חזן?!.. זיצט איך האָבּ אייך נעוואָלט זאָגען אַז נאָר גאָט אַליין האָט אייך געבּראַכט אין דעם שטעדטיל אויף שבּת, עס וועט זיין אַ שבּת, פון שבּת־לאַנד, ר' קלונימוס איהר זענט דאָך אַ גוטער חזן און די קאַפּעלע איז דאָך אויך גוט, הערט זשע, די בּרידער לוריא ווען זיי זענען אויף געלעגט איז בּיי זיי אַ קערבּיל קיין געלד ניט איהר דאַרפט זיי נאָר געפעלען, דערצו איז נאָך ר' גדליה ראש הקהל, מיין פּראַן איז אַז איהר זאָלט שפּעטער זיין מיט דער קאַפּעלע, די בּרידער קוכען מאַכען אַ כּתב וועט דאָ זיין די גאַנצע שמחה און עס וועט דאָ אויך זיין משקה.

**שרה:** פון וואַנעט וועט זיך נעמען משקה, וועסט אויסמעקען די שוואַרצע ציעג דיינע, אַ קבּצן איז אַ בעל צדקה.

**ר' שרגא:** ערשטענס בּין איך ניט קיין קבּצן, צווייטענס בּין איך קיין בּעל צדקה, דריטענס משקה וועט שענקען פּרוסטע איטע, איהר וועט

קומען ר' קלונימוס? געהט זשע געזונדטערהייט און זייט רוהיג איהר וועט האָבען אַ שבת'דיגען שבת, נאָר איהר זאָלט זינגען עפּעס רעכטס.

**קלונימוס:** אַ גוטען טאָג אייך, איך וועל שוין קומען. (אָב)

**ר' שרגא:** אַך גאָטעניו! וואָס פאַר אַ גוטע טהייערע זיסע וועלט דו האָסט בעשאַפען!..

**שרה:** וואָס איז דיר אזוי זיס דער ביטערער דלות דיינער?

**ר' שרגא.** וואָס פעהלט דיר חלילה?

**שרה:** עס געהט ווינטער האָסט הייצונג—אַ וואַרעמען אָבערנוס —

**ר' שרגא:** נו? אז מען האָט ניט קיין וואַרעמען אָבערנוס — טויג שוין די גאַנצע וועלט נישט?

**שרה:** די וועלט טויג יאָ, נאָר וואָס טויגסטו אָהן אַ וואַרעמען אָבערנוס? אוי שלימזלניק! (אָב)

**ר' שרגא:** די ווייבער, די ווייבער! דאָס איז אויך אַ גאַנץ גוט בעשעפעניש אויף דער וועלט. (אויפטריט טוביה)

**ר' שרגא:** אַ ברוך הבא בשם ד'!

**טוביה:** אַ גאָט העלף אייך רבי, איז גדליה נאָך ניט דאָ?

**ר' שרגא:** ניין! געזונד און שטאַרק זאָלט איהר זיין, ער וועט באלד מסתמא קומען, זיצט ר' טוביה, איך בעט אייך נאָר מיט גוטען.

**טוביה:** מיר האָבען זיך אַצונד ניט וואָס צוקריגען? נאָר וואָס עס געהער צום געשעפט וועל איך אפילו אַ פאָדעם, קיין האָאָר, נישט דורכלאָזען... אָט געהט גדליה! (אויפטריט גדליה)

**גדליה:** אַ גאָט העלף רבי, איז דאָס כתב שוין פערטיג?

**ר' שרגא:** ניין! נאָך ניט, געזונד און שטאַרק זאָלט איהר זיין, איך דאַרף דאָך וויסען ווי אַזוי און וואָס צו שרייבען?

**גדליה:** ווי אזוי ער וועט הייסען, ווי אזוי ר' טוביה לוריא וועט הייסען אַזוי שרייבט.

**ר' שרגא:** אזוי, נו, אין אַ מזל'דיגע שעה. נאָר איך האָב מיך דערמאָנט... פריהער פון אַלעמען מיינע פושקעס וואַרטען אויף אייך שוין לאַנג — (דערלאַנגט זיי די פושקעס. וואַרפען אַריין געלד)

**טוביה:** שרייבט אַזוי: ערשטענס: מיר ביידע טהון אַ שידוך מיט אונזערע קינדער, גדליה גיט מיר אָפּ מיין חלק ירושה מיט פראָצענט פאַר 20 יאָהר, יאָ מיט פראָצענט ווייל גדליה בעשטעהט אַזוי, אַזוי זאָלט

איהר שרײַבען אַז דער זײדע אריה ליב לוריא, האָט געטהון א גרויסע עולה.

**גדליה:** טוביה, דער זײדע איז דאָך שוין לאַנג געשטאָרבען, לאָז ער רוהען בשלום.

**טוביה:** ניין, אַלעס זאָל מען שרײַבען ווי איך הייס!

**ר' שרגא:** ר' טוביה, זאָלט איהר געזונד זײַן.

**גדליה:** שרײַבט, שרײַבט אַלעס וואָס טוביה וויל... ניין, וואָס טוביה לוריא וויל.

**טוביה:** גדליה קערט מיר אום אַלע הוצאות אויפ'ן אדוואָקאַט, געריכטען, און פראָצעסען, סך הכל 4475 רובל מיט 35 קאָפּיקעס.

**גדליה:** איך שטים מיט.

**טוביה:** ווײַטער... באַלד נאָך אונזערע קינדערס חתונה געהער די מויער — מיט אַלע בנינים — וואו גדליה לוריא וואָהנט, צו מײַן זוהן און צו זײַן ווײַב.

**גדליה:** שרײַבט, שרײַבט... גדליה לוריא האָט שוין אָפּגעלעבט זײַן וועלט, יאַנקעל לוריא פערנעהמט זײַן פּלאַץ.

**טוביה:** שרײַבט אַז גדליה איז זיך מודה, אַז ער איז געוועזען 20 יאָהר געגען מיר אונגערעכט, אונמענשליך...

**גדליה:** שרײַבט אַז איך בין געוועזען 20 יאָהר אונמענשליך בלינד משוגע, אוי רבקה! אוי רבקה!

**ר' שרגא:** ר' טוביה זאָלט איהר געזונד זײַן וואו איז גאָט?!..

**טוביה:** גאָט אַליין נעמט נקמה פון דריטען און פערטען דור, — שרײַבט אַז גדליה איז מרוצה דעם ערשטען שבת פאַר קריאת התורה בעטען ביי מיר מחילה פאַר דעם גאַנצען עולם ער האָט מיך געגוג מבוזה און מבזה געמאַכט. —

**גדליה:** טרעט מיך, טרעט מיך, איז גדליה לוריא געפאַלען, אַזוי טרעט מיר, נאָר איך פיהל דער אַלטער פריהעריגער גדליה לעבט נאָך, דאָס בלוט קאָכט אין מיר, באַלד וועל איך צושטערען דאָס וואָס האָט מיך טהײַער געקאָסט, טוביה מילנער! ניין, טוביה לוריא לאָזט מיך אויף די פרישע לופט... רבי שרײַבט אַלעס ווי טוביה מ... ווי טוביה לוריא וועט אײַך הייסען. (אָב)

**טוביה:** נישקשה, ער וועט זיך אָבקיהלען, שרײַבט ווײַטער אַז ער גדליה...

ר׳ שרגא: ר׳ טוביה, איך האָב קיינמאָהל ניט געשאָלטען קיין מענשען נאָר אייך מוז איך זאָגען אַז איהר זענט קיין גוטער... געזונד און שטאַרק זאָלט איהר זיין.

טוביה: נו, לאָז זיין געוונג, שרייבט, מיר וועלען זיך באַלד קומען חתמנען, די קינדער מוזען זיך אויך צו שרייבען, עהה, טוביה לוריא האָט איין אַדוואָקאַט וועלכער האָט אָנגעטאַפּט דעם אמת׳ן זאַקאָן. (אָב)

ר׳ שרגא: די לוריא׳ס זענען נאָר געשאַפען געוואָרען פון פייער און פון אייזען, אַ יאָ אַ קונץ, אוי גאָטעניו וואָס פאַר אַ גרויסער קונצער מאַכער דו ביזט?... (אויפּטריט פרומע, רבקה)

פרומע: אַ גוט מאָרגען אייך רבי, זעהט וואָס פאַר אַ טהייערען גאַסט איך האָב אייך געבראַכט?

ר׳ שרגא: אין אַ גוטער שעה, רבקה׳לע דו ביזט געווים מיעד זעץ זשע דיך מיין קינד, אָה עלברוש, אַז מען האָט דיר געגעבען אַ חתן ביזטו לעבעדיג געוואָרען...

רבקה: פריהער פון אַלעמען מוטער גיעב דעם רבין דאָס חאַבאַר, איהר זעהט רבי, מיר האָבען אייך געבראַכט פיהל געלד און יעדער פושקע.

ר׳ שרגא: געזונד און שטאַרק זאָלט איהר זיין, פאַר מיינע קבצנים׳לעך האָט זיך נאָך אַזאַ נס ניט געטראָפען זייט דער מן איז פון הימעל געפאַלען, פאַר מיינע קבצנים׳לעך אויף שטיוועלאַך, פאַר מיינע דלפנים׳לעך הייצונג, איך זאָג דיר גאָט זאָל מיר ניט שטראָפען פאַר די רייד אַז עס ווילט זיך גאָר וויינען פאַר פרייד, נו זאָג אַליין איז ניט אַ פערגעניגען צו לעבען און טהון מעשים טובים? און אַז איך האָב דיר געוואָלט געבען אַ לעפעלע מעדיצין האָסטו געקריצט מיט די ציינדעלאַך און פערקאַטשעט מיט דעם קאָפּ.

רבקה: איך האָב געוואָלט אויכפיהרען אָרער שטאַרבען, איהר ווייסט דאָך די לוריא׳ס קענען ניט אַנדערש, איך האָב אָבער געוואוסט אַז דער מלאך המות וועט ניט צו מיר קומען, זאָ לאַנג איהר זענט מיר אַ גוטער פריינד.

ר׳ שרגא: אוי דו עלברוש, געזונד און שטאַרק זאָלסטו זיין, אַזאַ שרעקליכער בין איך? אפילו דער מלאך המות האָט אויך פאַר מיר מורא,

גנב פאר וואס האט די רבצין פאר מיר קיין מורא ניט? (אויפטריט יאנקעל) אט דאס איז דער גרויסער בריה וועלכער האט פערטריבען דעם מלאך המות, אוי דו ווייסער חברה'ניק!

**יאנקעל:** רבי, ווער האט אייך ערלויבט צו רעדען מיט מיין כלה?

**ר' שרגא:** נון רבקה שמועס דיך דורך אביסעל מיט דעם גנב, איך וועל זיך זעצען שרייבען. (זעצט זיך)

**פרומע:** פערברענגט אייך קינדער איך וועל געהן זעהן וואס די רבצין טהוט. (אב)

**יאנקעל:** זא שנעל האב איך ניט גערעכענט.

**רבקה:** יא, דאס גליק איז נאר דאן טהייער, ווען מען קעמפפט דערפאר, די תקיעות פון דיין שופר און די שטויב פון דיינע זעק זענען די בעסטע צייגען וואס פאר א בראווער קעמפפער דו ביזט.

**יאנקעל:** אה דו עכברוש, געזונד און שטארק זאלסטו זיין.

**ר' שרגא:** גנב! וואס סודוסט זיך דארטען?

**יאנקעל:** עס איז קיין סוד ניט איך זאג רבקה אז איהר און די רבצין וועלען נעהמען אונטערפיהרענס ביי אונז.

**ר' שרגא.** געוויס, איך וועל אי"ה טאנצען ווי א באק... אה, איך האב שוין געטאכט 2 פלעקען, גאט זאל מיך ניט שטראפען פאר די רייר, קינדער הערט אויף צו פלאפלען. (יאנקעל גיט א קוש רבקה'ן, דער רבי דערזעהט)

**רבקה:** אה, יעצט זענען מיר ביידע פערלארען.

**ר' שרגא:** גנבים! עכברושים, וואס טהוט איהר דארטען? — יאנקעלע וואס סמאטשקעסט דו מיט די ליפען? געזונד און שטארק זאלסטו זיין, — נו זאגט, איז דען דער לעבען וואס גאט האט אונז געשענקט ניט זיס, ניט געשמאק, ניט פיין? קינדער לאזט מיך שרייבען. (יאנקעל גיט א קוש רבקה'ן, אין דער מינוט קומט רחמיאל מיט אלטער'ן).

**רחמיאל:** זעה טאטע ווי ער קושט רבקה'ן אבראטען זאלען איהם די ליפען.

**אלטער:** א גוט מארגען אייך רבי.

**ר' שרגא:** זיצט, זאלט איהר געזונד זיין.

**אלטער:** איז גדליה נאך נישט דא?

ר׳ שרגא: זיצט ר׳ אַלטער, זיצט, זײַט׳זשע מוחל ער וועט מסתמא באַלד קומען, און איך מוז שרײַבען.

רחמיאל: יאנקעל, ניט אומזיסט האָסטו אַזוי געבלאָזען אַ שײנע תקיעה גדולה.

יאנקעל: וואָס׳זשע דען טאַטע מײַנער, ביזט מיך מקנא?

רחמיאל: איך פערשטעה דען ניט אַז עס איז אַ געטער ביסען.

רבקה: וואָס איז דאָ דאָ וואָס מקנא צו זײַן, איהר זעהט דאָך אַז איך בין אַ קאַליקע אויף אַ האַנד.

רחמיאל: וואָס געהט מיך אָן אײַער האַנד, בעסער צו האָבען אַ בלה אָהן אַ האַנד, אײדער אַ האַנד אָן אַ כלה.

ר׳ שרגא: קינדער לאָזט מיך שרײַבען, שוין ווירער אַ פּלעק גאָט זאָל מיך ניט שטראָפען פאַר די רייד.

רחמיאל: ער איז אַ שטיפער אַ כלבוניק.

רבקה: וואָס זאָל איך טהון, איך האָב ליעב אַ פרײליכען אַ לעבע־דיגען, — איהר זענט פאַר מיר צו ערנסט צו סאָליד. (אויפּטריט טוביה, גדליה)

טוביה: אָה! אונזערע קינדעריאַך זענען דאָ, איהר זעהט רבי, איך האָב אַהער געבראַכט גדליה, איך האָב אײַך פריהער געזאָגט, אַז מיר האָבען זיך נישט פאַר וואָס צוקריגען, נו איז דער כתב שוין פערטיג?

ר׳ שרגא: יאָ, דאַנקען און לויבען גאָט, (ענדיגט) ובזכות זה ובא לציון גואל...

גדליה: רבי, אײדער איהר וועט איבער לײענען דעם כתב, ווײל איך אײַך אַ פּאָר ווערטער זאָגען, רבי, איהר זענט אַ הײליגער מענש אין איצטיגער צײַט ווען גוטעס ליעגט בײַ יעדען אויף דער צונג, און טויזענד רוחות פערבאָרגען אין הערצען, אין אַזאַ צײַט, אַזאַ רײנער, אַזאַ פײַנער אַזאַ ליעבליכער מענש...

ר׳ שרגא: (שלאָגט איהם איבער) ר׳ גדליה גאָט איז מיט אײַך, אײַערע ווערטער שלאָגען מיך מעהר ווי די ערגסטע קלעפּ צו וואָס זאָלט איהר מיך מבזה זײַן פאַר אַזוי פיעל מענשען.

גדליה: פערקעהרט, זאָל די גאַנצע וועלט וויסען וואָס גדליה לוריא האָט די לעצטע צײַט אַזוי פיעל געטראַכט, איהר זענט אַזאַ גוטער און איך בין געוועזען גראָב געגען אײַך.

ר׳ שרגא: חלילה, וואָס רעדט איהר, האָסט געהערט אַבּיסעל?..

דאָס איז אַ בלבול, גאָט זאָל מיך ניט שטראָפֿען פֿאַר די רייד.

גדליה: יאָ, איך בין געוועזען גראָב געגען אייך, איך האָב אויפֿגעהויבען די האנד געגען אייך, נאָר יעצט וועל איך אַלעמען איבערבעטען, יעצט צופֿרידען שטעלען יעדען — דער שטאַרקער דער אייזערנער דער אונגערולדיגער האָט זיך איבערגעבראָכען דאָסמאָל ווען ביי רבקה׳לען האָט זיך איהר שוואך העלטעל איבערגעבראָכען, רבי, איך האָב אָן פֿון אייך זייט מיר מוחל...

ר׳ שרגא: פֿערקעהרט, איך דאַרף אייך נאָך בעטען איך בין מעהר שולדיג, איך בעט אייך טהייערער ר׳ גדליה... אז די טרערען שטיקען מיך, ביידע זיך צו ווערען מיר זיך צוקושען. (צוקושען זיך)

אלטער: אז איהר זענט יאָ געוואָרען אזא היילינער, פֿאַר וואָס זאָלט איהר אייך ניט דערמאָהנען אז איהר האָט מבזה געמאַכט אלטער ציפֿעס דעם ראָטמאַן איהר מיינט אז איך וועל אייך קוקען אין די צייט אַריין?

רחמיאל: יאַנקעל דאַרף חתונה האָבען און איך ניט, וואָס מיינט איהר מיין נשמה איז פֿון אַ קליאַטשע?!

יאַנקעל: ר׳ אַלטער רעדט אביסעל העפֿליכער פֿערגעסט ניט אז איהר רעדט מיט די לוריא׳ס!

גדליה: וואָס זאָל איך אייך טהון.

אלטער: איהר האָט מיך מבזה געמאַכט און מיין קינד אנגעטהון אומזיסטיגע יסורים.

רחמיאל: איהר ווייסט אז פֿון יסורים איז מיין הארץ געוואָרען אזוי ווי אַ לעמישקע, איך האָב געמיינט אז איך ווער שוין אַ בעל הבית׳ל, לסוף לאָזט זיך גאָר אויס אַ בוידעם מיט אַ פּאָליצע.

רבקה: טאַטע, מיר דאַכט אז די לוריא׳ס האָבען גענוג געלד צו בעצאָהלען די מענשען פֿאַר זייער שאנד.

יאַנקעל. געוויס איז ניט קיין עולה צו בעצאָהלען דעם מענשען ביי וועם די נשמה איז געוואָרען ווי אַ לעמישקע.

רחמיאל: און אויף וואָס האָט מען מיך פֿערביטען? ער קען רעדען לערנען איך האָב אויס געלערנט די גאַנצע גמרות בבא קמא, בבא מציעא בבא בתרא, קדושין, חולין און גאַנץ גמרא ביצה קען איך אויסעגווענינ און מיין טאַטע איז ניט קיין מילנער.

טוביה: איך וועל אייך בעצאָהלען ווי אַ מילנער אַרויס פֿון דאַנען געהט.

ר׳ שרגא: ר׳ טוביה זאָלט איהר מיר געזונד זיין, און כעס איך בעט אייך.

טוביה: די לוריא׳ס העָרען דעָם ראָטמאן ווי די קאַטץ נעמט אייך דעָם וועָג.

אלטער: נישקשה איהר וועט מיך האָבען צו געדענקען.

רחמיאל: איך וויים דעָם שם צו פערשעָרטען אַז מען זאָל וועָרען 13 יאָהר אַ באָק.

טוביה: גע׳ה אין דער ערד אַריין, וואָס אי פרא אדם? וואָס ווילסטו?

רחמיאל: קיין חתן בין איך ניט, קיין כלה האָב איך ניט, נאָר אַ כלי צום זינגען האב איך דאָך, איך וועל הערען דעָם חזן.

טוביה: וואָס פאַר אַ כלי? וואָס פאַר אַ חזן? גע׳ה!.. (בעהאלט זיך אונטער דער שאַפּע)

ר׳ שרגא: לאָזט איהם צו רוה, זאָלט איהר געזונד זיין, וואָס הארט אייך? פרומע איטע זייט־זשע מוחל הערט... בשנת תרמ״ג לפ״ק מרחשון... ראשית מ׳ ר׳ גדליה, ר׳ ישראל טוביה ב״ר משה מאַכען צווישען זיך שלום און טהון אַ שידוך מיט זייערע קינדער... איז וואָס אַזוי?

יאנקעל: געווים אַזוי.

ר׳ שרגא: שנית, ר׳ גדליה קערט צוריק אום זיין ברודער זיין חלק ירושה מיט פראָצענט פאַר 20 יאָהר נשך ומרבית.

יאנקעל: פראָצענט! קענט איהר דען לעבען אָהן פראָצענט, פון אייער אייגענע ברידער שינדען די הויט און רחמנות, עס פרייט מיך אין דיר צו דערלעבען אַזאַ נחת.

רחמיאל: זעהט ווי אַ קינד רעדט דאָס צו אַ טאַטען, גלייך ווי זיי וואָלטען בביידע אין איינעם חזרים געפּאַשעט.

ר׳ שרגא: נשך ומרבית, וויל ר׳ גדליה בעשטעהט אַז דער זיידע אריה ליב לוריא הנצב״ה האָט געטהון אַ גרויסער עולה.

רבקה: טאַטע קום אַהער צו מיר וועט דיר זיין גרינגער.

גדליה: לייענט, לייענט, ווייטער.

ר׳ שרגא: ר׳ גדליה איז זיך מתחיב אום צו קעהרען ר׳ טוביה׳ן אַלע הוצאות אויף אדוואָקאַטען, פראָצעסען, בס״ה 4475 רובל מיט 35 קאָפּיקעס.

**טוביה:** ריכטיג, ריכטיג, ביז איין גראָשען.

**יאנקעל:** ר׳ טוביה לוריא, זייט ווען זענט איהר געוואָרען אזא גרויסער מאַטעמאַטיקער?

**ר׳ שרגא:** ... באלד נאָך די קינדערס חתונה גיעהט איבער דאָס הויז מיט אלע בנינים צו ר׳ טוביה׳ס זוהן.

**רבקה:** טאַטעניו, דו ווערסט דאָס הויז מעהר ניט בעוואָהנען.

**גדליה:** ניין, דאָס הויז איז אייערס, איהר זענט יונגע קינדער: וואָס דאַרף איך אַ הויז?

**ר׳ שרגא:** ... ר׳ גדליה איז זיך מודה ומתודה אז ער איז 20 יאָהר געווען אומגערעכט אונמענשליך צו זיך... גאָט זאָל מיך ניט שטראָפען פאַר די רייד.

**טוביה:** ריכטיג—ריכטיג.

**ר׳ שרגא:** און ער איז מרוצה שבת פאַר קריאת התורה צו בעטען מחילה.

**רחמיאל:** אוי ווערט דאָס זיין אַ מחילה.

**ר׳ שרגא:** צו בעטען מחילה ביי ר׳ טוביה׳ן בפני עם ועדה אין המדרש חבד.

**גדליה:** יאָ, איך האָב מיך פערלאָזט אויף טוביה מיל... אויף ר׳ טוביה לוריא׳ס יושר, רבי, גיט מיר דעם כתב איך וועל זיך חתמענען. (חתמה׳ט זיך)

**טוביה:** איצטער וועל איך זיך חתמענען, אָט אַזוי (חתמעט) אַ כתיבה וחתימה טובה.

**ר׳ שרגא:** איצטער רבקה׳לע זאָלסטו געזונד זיין חתמע זיך.

**רבקה:** יאָ, ניט אַהער דיעזען מערקווירדיגען כתב (צערייסט איהם) אָט דאָס איז מיין כתב.

**גדליה:** וואָס האָסטו געטהון רבקה׳לע, קענסט נאָך חלילה שוואַך ווערען, רבי, איהר וועט זיך מטריח זיין און דעם כתב איבערשרייבען.

**רבקה:** ניין, קיין כתב מעהר, קיינע פאַפּירען, קיינע שענדליכע דאָקומענטען! איהר האָט געדענקט צו קויפען שלום פאַר גדליה לוריא׳ס שאַנדע? איהר האָט געוואָלט ערנידעריגען, צו ערד בויגען, מיין פאָטער?! מיין פאָטער איז גדליה לוריא, און גדליה לוריא׳ס טאָכטער שרייבט ניט אונטער קיינע פאַפּירען וועלכע שטימען ניט מיט איהר פאָטערס עהרע, און מיט די ערשטע פאָדערונגען פון גערעכטיגקייט.

טוֹביה: אָה, גדליה'ס טאָכטער האָט זיך צו לאָזט, איך קען איך, איך האָב דיר פריִער ניט געזאָגט אַז זי איז קיין שנור פאַר מיר, יאַנקעלע מיינער.

רחמיאל: יאַנקעלע מיינער, שוואַרצער ציגאַנער וואו ביזטו געווען אויף יענער וועלט.

גדליה: טאָכטער מיינע עס קען נאָך אויס שידוך ווערען, און דו וועסט ווידער ווערען קראַנק? ניין איך גיב זיך אונטער.

שרה: רבקה'לע ווילסטו דען ניט אַז עס זאָל זיין שלום?

רבקה: איך דאַרף קיין שלום, איך וועל זיין די אומגליקליכסטע פרוי אויף דער וועלט ווען איך זאָל וויסען אַז מיין גליק איז געקויפט פאַר אַזאַ שרעקליכען פרייז, מיין פאָטער דעם גרויסען גדליה לוריא האָט איהר געוואָלט אַזוי קליין און ניעדעריג מאַכען! טאַטעניו, דאָס האָב איך דיר געצוואונגען אַזוי פיעל צו אָפּפערען, פערציַיהע מיר איך האָב דיך דאַצו געבראַכט.

טוֹביה: נו ר' יאַנקעל קום אהיים, מיר האָבען דאָ ניט וואָס צו טהון, קום!

רחמיאל: מען וועס נאָך ניט וועלכע קאַטץ עס וועט אויפעסען די סמעטענע.

טוֹביה: וואָס שטעהסטו ווי אַ ליימענע גולם? קום זאָג איך דיר!

יאַנקעל: דו האָסט דאָ ניט וואָס צו טהון, וויַיל דו קענסט ניט זיין מיט מענשען וואָס ווילען לעבען אין פרידען, נו געה!

ר' שרגא: אוי די לוריא'ס, די לוריא'ס!

גדליה: רבקה, זיי געהן, דו קענסט נאָך חלילה ווידער שוואַך ווערען.

רבקה: זאָל ער געהן, איך וויל ניט קענען דעם מענשען וואָס בויעט זיין ליעבע אויף גוטע בעדינגונגען, ירושה הייזער מיט פראַצענטער מיט טויזענדער מחילות.

יאַנקעל: איך שווער דיר רבקה, איך האָב גאָר ניט געוואוסט, איך האָב מיין פאָטער געשריבען פאַר אַ לוריא... נו טאַטע וואָהין רופסטו מיך וואָהין זאָל איך געהן? (וויינט)

ר' שרגא: גאָטעניו פאָטער, מיש דו דיך אַריין מיט דיין מעכטיגער האַנד, דו קענסט דאָך יאָ אַז דו ווילסט. (וויינט)

רחמיאל: ווײַנען ווײַנט ער ווי א קלײנער, און חתונה האָבען וויל ער ווי אַ גרויסער.

רבקה: נײַן ברידער לוריא איהר צערשײַד אײַך יעצט ווידער, אײנער ריט'ן אַנדערען וועט איהר שוין ניט קענען גוט לעבען ווײַל אײַער ענערגיע איז אוים נעשעפּט געוואָרען, און פרידען לעבען וועט איהר אויך ניט קענען, ווײַל איהר האָט קײן שלום געמאַכט, שלום קען מען ניט מאַכען דורך פּאַפּיערען, שלום דאַרף געבויט ווערען אויף ברידער ליעבע, דער פעטער טוביה האָט ניט געוואָלט קײן שלום ער האָט געוואָלט צער־טרעטען מיט די פיס אַ מענשען וואָס איז בײַ זיך אַראָבגעפאַלען, ער האָט נאָר געזוכט זיך צופרידען צושטעלען, טריאומפירען, נקמה נעהמען.

טוביה: שווײַג, איך וויל ניט הערען קײן מוסר פון אַ פרוי.

שרה: וואָס איז א פרוי? ווײַל זי איז אַ יורענע קען זי גאָר קײנמאָהל ניט זאָגען צו דער זאַך.

רבקה: זעהט, איז דאָס ניט אײַער ברודער זענט איהר דען ניט צוזאַמען אויף געצויגען און אויפגעוואַקסען געוואָרען, ער איז אײַך געווען אַ שונא, שטעכט איהם, הרג'ט איהם, ערמאָרדעט מיך, איך בין זײַן קינד... ערמאָרדעט אײַער אײגענען זאָהן, ער האָט ליעב אײַער שונא'ס טאָכטער... זאָל די גאַנצע וועלט שווימען אין בלוט און אין טרערען נאָר אײַער זאַכע זאָל זײַן פאָלקאָמען זאָלען אונזערע הערצער צו בראָכען ווערען נאָר אײַער האַרשר זאָל טריאומפיהרען, אָה ווי שווער, ווי שווער!

יאנקעל: פאָטער בערעכען זיך דו האָסט דאָך מיר אַ מאָהל אַזוי ליעב געהאַט.

ר' שרגא: רבותי די חכמים זאָגען... אוי די טרערען שטיקען מיך גאָט זאָל מיך ניט שטראָפען פאַר די רײד. (ווײנט)

גדליה: טוביה ברודער האָב רחמנות בליק אויף די קינדער, דו ווײסט דאָך אַז ווײנען איז נישט אין גדליה לוריא'ס נאַטור, נאָר איצטער בעט איך דיר מיט טרערען אין די אויגען לאָז שוין זײַן געגוג, לאָז זײַן אײן ענדע טוביה! ברודער! טוביה!

טוביה: א חלירע זאָל... איך קען נישט מעהר, ברודער! גדליה! (אומארמען זיך)

ר' שרגא: גאָטעניו דו ביזט א גרויסער בעל מלאכה, איך האָב דען פריהער ניט געוואוסט אז גאָט האָט געגוג שלום, געגוג אחדות.

רחמיאל: אַז גאָט האָט געגעבן שלום, ניגון שלוה, ניגון אחדות דאַרף ער דאָך האָבען ניגון כּלות אויך?

ר' שרגא: עכברוש! אַזאַ גילדענע מנורה זאָל אונזער בית המדרש האָבען, וואָס פֿאַר אַ שטיק כּלה איך וועל דיר געפֿינען (אויפֿטריט חזן משוררים אָה, דער חזן געהט פונקט צו דער ציַיט זינגט אריין אַ פֿריילכס. (אַלע זינגען דען ערשטען פּאַר טאַנצען)

(פֿאָרהאַנג פֿאַלט)

ענדע

דיזעם צוגעגעבענע ליעד זינגען די אַרבייטער פון מיהל ביי טוביה'ן אנפאנג דריטער אקט.

I

מיר אַרבייטען בייזאַמען,
מיר ענדיגען צוזאַמען.
עס איז אונז שווער ביי טאָג,
מיר האַלטען איין מאָהלען,
דער ווירטה ווירד שוין בעצאָהלען,
פאַר אונזער פלאָג.

II

ביי אונזערע רעדעס,
ווער קען זיין די עדות,
נור לוריא'ס מיהל,
מיר אַרבייטען געטריי,
יעצט זענען מיר שוין פריי,
דאָס איז אונזער ציעל,
אַגאַנצע טאָג איז שווער
מיר אַרבייטען אין די מיהל } בּיס
דאָס איז אונזער בּעגעהר,
דאָס איז אונזער ציעל,
זייט זשע פריילֿיך — טאַנצעל פאַמעליך,
פריי איז די נאַטור,
עסען זינגען — פליעסקען שפרינגען,
יעדער מיט זיין פּאָאר. } בּיס

**דיעזעס צוגעגעבענע קופלעט זינגט רחמיאל אין 3-טען אקט ווייטע 32 בעפאר ער טרעפט זיך מיט יאנקעל.**

I.

רחמיאל דו ביזסט זעהר קליג,
איינער אין דעם גאנצען לאנד,
שעהן ביזט דו ווי אציג,
יעדען ביזט דו בעקאנט,
קום איך נאר אויף איין ארט,
איך טהו קיין ווארט ריידען,
יעדער לאכט פון מיר ...
און איך קוק אויף יעדען,
— זאג איך צו מיר אליין
ווי קען איך דעם פסוק פע...
לעולם תקח,
ווען מען גיט מיר פיק איך,
אלא ניט אוי אוי וועה איז מיר
אז ניט קוק איך.

II.

קיין יונגעלע בין איך שוין ניט מעהר,
איך מעג שוין חתונה האבען,
קוים געהט אוועק א פאר יאהר מעהר,
מעג מען מיך שוין בעגראבען.
זאל שוין זיין א ווייב אשלאק,
איך וואלט זי אויך גענומען,
איך וואלט געשטעלט א חופה און געמאכט א ש...ג,
נאר זי וויל צו מיר ניט קומען,
— זאג איך צו מיר אליין א. ז. וו. א. ז. וו.

III.

איין אלטער מאן פון 70 יאהר.
ער שמעקט שוין צום גראז,
איין שיין מיידעל מיט שווארצע האר
מוז ער האבען ביי די נאז.
יונגע לייט פון דער גאנצער וועלט,
געפינען זיך ביי איהר אין שטוב,
דעם אלטען קאסט עס פיעל געלד,
און איין יונגען האט זי ליעב,
— זאג איך צו מיר אליין, א. ז. וו..

IV.

איין מיידעל גאנץ יונג און שעהן,
וויל זיך גאר ניט שעהמען,
איין געבילדעטען מיט א סך גדן
נור דעם וויל זי נאר נעהמען,
איהרע יאהרען געהען אוועק מיט רויך,
און עס געפינט זיך ניט קיין בעלן,
זי וואלט שוין גענומען אבי וועמען אויך.
נאר עס איז שוין פערפאלען,
זאגט זי צו זיך אליין. א. ז. וו..

V.

ליעבעס פובליקום איך דאנק אייך זעהר,
וואס איהר בעזוכט אונז גראדע,
אייער פערלאנג איז מיר ניט שוועהר,
איהר ווילט דאס איך זאל זינגען אודאי,

נאָר איין זאַך בעט איך ביי איייך,
עס איז אויך ניט שווער,
נעמט זיך צו זאַמען אַלע גלייך,
און קומט מאָרגען צו געהן אַ הער,
אַז איך וועל אייך דער זעהען,
וועל איך מיך פרייען,
אַז איהר וועט קומען צו געהן,
וועט זיין לעולם תקח,
ממילא וועט שוין זיין אויף פיק איך,
און אַז ניט אוי אוי וועה איז מיר,
און אז ניט קיק איך.



# ביכער פֿון אונזער פֿערלאַג

| | פרייז קאפּ. |
|---|---|
| מירעלע אפרת פֿון י. גאָרדין | 30 |
| די שחיטה ד״ז | 30 |
| דער ווילדער מענש ד״ז | 25 |
| דער יודישער קעניג ליר. | 25 |
| געבריִדער לוריא ד״ז | 25 |
| דער ווילגער בעל הבית׳ל מ. אָרנשטיין | 50 |
| שבת קדש | 30 |
| חרבן ירושלים | 25 |
| חפני ופנחס | 25 |
| הינקע פינקע מעלאָדראמע | 25 |
| שלמה גאָרגיל | 25 |
| טאטע מאמעס צרות | 20 |
| כל נדרי | 20 |
| די יודישע נשמה | 30 |
| אייביגער יוד הייערמאן | 7 |

## בעלעטריסטישע און וויסענשאַפט־ליכע ווערק.

| | |
|---|---|
| די אינטעריגעס פֿון זאקסישען הויף אראָמאן | 30 |
| ביגאי דע מאָפאסאן ערצעהלונג 1 טהייל | 12 |
| " " " 2 " | 12 |
| „די ערד“ אַפּאָפּולערע געאָגראפיע מיט 27 בילדער פֿון לונקעוויטש א בער־זעצט פ. קאנטאראוויטש | 20 |
| פֿיין שום זאך ווערט ניט פֿערלאָרען אין דער נאטור אנפאנג פֿיזיק פֿון ד״ר קראמשטיק | 10 |
| מאגנעטיזים און עלעקטריציטעט 1 2 | 22 |
| ווי אזוי ווערט מען ווידער יונג-ביאלאָגי | 10 |
| זאָרטא פֿון יעדער טעאטער שטיק קאָסט | 4 |

פֿער נ״ב ווערט ארויסגעשיקט נור נאָכ׳ן צמפאנג 25%. אויך בעקומט מען ביי אונז אלע טעאטער־שטיק.
נאָטען און צענזורקעס פֿון געסטע פיעסען.
בעהאנדלונג רעעל און פונקטליך.

| | פרייז קאפּ. |
|---|---|
| די יודישע „ליברעטטא“; א זאמעל־בוך פֿון ליעדער דעקלאמאציעס מאָנאָלאָגען פֿיר גראמאפאָנען מיט פֿאָטאָגראפֿיעס און נאָטען: | |
| 1-טער טהייל | 60 |
| 2-טער טהייל | 60 |
| פינף סעריעס טעאטער און פאָלקס לידער יעדע סעריע | 8 |
| אנזיכטסקארטען מיט נאָטען און פֿאָ־טאָגראפֿיעס יעדע דאָצענ״ע פ״ק | 8 |

---

**אורח מישור** א קאפּיטעל ווערטער־בוך לשון קדש יודיש אויף גאנץ תנ״ך איבער 15000 ווערטער. פרייז 60
צוזאמען מיט הוספית דניאל, עזרא, נחמיה, חמש מגלות 71

**בריעפשטעלער** העברעאיש פֿון דוד פֿרישמאן רוסיש יודיש פֿון א. פאפערנע מיט א קורצע איינפאכע בוכהאלטעריע 40

**החימיא בחיי יום יום** מאת הפרו־פיסיר לאססאר כהן, תרגם ברשיון המחבר ע״י פ. קאנטאראביץ ב׳ חלקים 1 רובל

**הארץ** גיוגראפיא פופולירית עם ציורים רבים מאת לונקעוויטש מתרגם ע״י פ. קאנטאראביץ 20

**משכיל אל דל** ספור מנוקד יסודתו באגדות התלמוד מאת ח. מושקאט 10 קאפ.

פֿערלאגס בוכהאנדלונג און לייה ביבליאָטעק
פ. קאנטאראוויטש, ווארשא, שליסקא 35.
Издательство П, КОНТОРОВИЧЪ, Варшава, Слизкая 35.

Drukarnia „Hacefira“, Pańska 40.